# אַ רייזע אין דער צוקונפט

פון

## א. פּאָמעראַנץ

ניו יארק 1944

---

## A RAIZE IN DER TSUKUNFT

by A. POMERANTZ

NEW YORK 209 1944




סאָוועטישע מאַרקע לכבוד די קאָנפערענצן אין מאָסקווע און טעהעראַן

# אַ בריוו צו די לייענער

„אַ רייזע אין דער צוקונפט" איז דאָס לעצטע פון מיין „5 ביכער־פּלאַן" וועגן מיין רייזע קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד. די פריערדיגע זיינען געווען: „אַ מיידל פון מינסק", „קאַווקאַז", „צעריסענע קייטן", „אינ־זשענערן פון נשמות".

די ערשטע פיר ביכער זיינען דערשינען איינס נאָכן צווייטן אין משך פון 6 חדשים, וואָס איז אַליין אַ „רעקאָרד". דאָס נייעסטע בוך האָט זיך פאַרשפּעטיגט צוליב מיין לענגערער קראַנקהייט. צוזאַמען מיט דער איצ־טיגער אויסגאַבע פון דער „רייזע" וועל איך האָבן פאַרקויפט נאָענט צו זיבן טויזנט ביכער. דאָס איז, דוכט זיך, אויך אַן אויפטו.

די ביכער זיינען זייער וואַרעם אויפגענומען געוואָרן פון די לייענער, ווי פון די קריטיקער. אויף דעם זאָגן אויך עדות די צענדליגער באַגייס־טערטע צוגעשיקטע בריוו. כיהאָב, ווייזט אויס, בכלל אונטערשאַצט מיין עשירות... וועגן סאָוועטן־פאַרבאַנד געפינט זיך ביי מיר, אָן אַ גוזמא, גענוג דרוקבאַרער מאַטעריאַל פאַר אַ צווייטן „5 ביכער־פּלאַן". צוליב מאַנגל אין פּלאַץ האָב איך ניט געקאָנט אַריינגעבן מער רייזע־באַשרייבונגען פון פראַנק־רייך און פוילן, געמוזט אינגאַנצן אויסלאָזן וויכטיגע מאַטעריאַלן וועגן בערלין, העלסינגפאָרס, א. אַ., אויך אַ גאַנצע סעריע אַרטיקלען וועגן קיעוו און אוקראַינע, איינגעשלאָסן מיין שפּאַנענדיגע פלי־רייזע איבער קיעוו אין דעם „פּראַוודאַ"־עראָפּלאַן פון דער מאַקסים גאָרקי עסקאַדריליע, אַ צאָל גרעסערע אַרבעטן וועגן סאָוועטישער ליטעראַטור, און נאָך אַנדערע אינטערעסאַנטע פאַרצייכענונגען. (דער לעצטער קאַפּיטל מיט די בריוו פון וועג צו דער „מאָרגן־פרייהייט" אונטערן קעפּל „אַ רייזע אין דער צו־קונפט" האָט אַגב געזאָלט זיין דער ערשטער קאַפּיטל פון ערשטן בוך).

מיין האַרציגסטן דאַנק צו אַלע אָרגאַניזאַציעס און איינצלנע מענטשן, וואָס האָבן געהאָלפן אין דער פאַרשפּרייטונג פון די ביכער, ווי אויך די קינסטלער זוני מאָוד און וו. גראָפּער פאַר זייערע צייכענונגען.

איבער דעם איצטיגן יקרות און דרוק־שוועריגקייטן וועל איך מוזן רעכענען כאָטש 60 סענט פאַר אַ בוך צו דעקן די הוצאות. אַדרעסירט:

A. POMERANTZ
314 Garfield Place, Brooklyn 15, N. Y.

אָדער קער־אָוו „מאָרגן־פרייהייט".

מיט די בעסטע גרוסן און וואונטשן אויף אַ שנעלן זיג איבערן פאַשיזם.

א. פּאָמעראַנץ.

# די אַלמעכטיגע שווערד

## אַ קאַווקאַזער לעגענדע

"... די שווערד — פון דער רויטער אַרמיי און פון די עלאַיס — וועט ניט אריינגעלייגט ווערן צוריק אין שייד ביז די פיינד פון דער פאַרשאָלטענער פאַשיסטן־באַנדע וועלן ניט באַצאָלן מיט זייערע קעפ פאַר די פאַרברעכנס געגן דער מענטשהייט".

די מאָסקווער „פּראַוודאַ" (1943).

„... די מאָסקווער קאָנפערענץ האָט די יונאַיטעד נעישאָנס אויסגעשמידט אין איין שווערד, וואָס ווערט געפירט אַזוי אייניג ווי פון איין מוח און פון איין האַנט" ...

פרעזידענט רוזוועלט, אַרמי ענד נעיווי" זשורנאַל, נאָוו. 15, 1943.

אַמאָל, אַמאָל, מיט אַ סך יאָרהונדערטער צוריק, האָט זיך די מעשה פאַרלאָפן. אויף די בערג־שפּיצן פון אַראַראַט האָבן נאָך געבליט די וויינשטאָקן, און ווילדע באַרג־ציגן האָבן זיך געלאָזט מעלקן פון פאַר־בלאַנדזשעטע וואַנדערער. אויף דער ערד האָבן זיך נאָך געטראָגן די גייסטער פון די בערג, און די מענטשן האָבן פאַרגעטערט די געהיימניספולע קרעפטן פון דער נאַטור. אַ כוואַטסקער יונג האָט געוואָלט באַפרייען די מענטשן פון דער ווילדער הערשאַפט פון דער נאַטור. האָט ער אַרויפגעקלעטערט אויף די העכסטע קאַווקאַזער בערג און אַרויסגנע'גנב'עט ביי די בערג־רוחות זייער סאַמע העלסטן, סאַמע פלאַמענדיגסטן, סאַמע גרעסטן בליץ.

אין די בערג האָט ער אויך געפונען אייזן (־ארץ), און מיט דער הילף פון דעם הימלשן פייער זיך גענומען שמידן אַן אַלמעכטיגע שווערד צו באַהערשן און מאַכן אונטערטעניג די בלינדע קרעפטן פון דער נאַטור. דער יונג האָט אומדערמידלעך געשמידט די שווערד, נאָר די בערג־רוחות האָבן ניט געשוויגן און זיך באַלד אַוועקגעלאָזט זוכן דעם בליץ. זיי האָבן געפּאַקט דעם גערוואַגטן יונג אין דעם מאָמענט, ווען די אין הימלשן פייער אויסגעשמידטע און פאַרהאַרטעוועטע שווערד האָט זיך לאַנגזאַם אָפּגע־קילט אויפ'ן שטיינערנעם האָרן.

די טריאומפירנדיגע רוחות האָבן מיט שווערע קייטן צוגעשמידט דעם בראַוון יונג צו די פעלזן. אויף שפּאָט און שאַנד איבערגעלאָזן ניט ווייט פון אים אויף אַ שפּיץ באַרג די אומצוטריטלעכע שווערד. און אַלס שטראָף פאַר דער מענטשלעכער חוצפה האָבן זיי צעוואָרפן איבער דער גאַנצער ערד שלאַנגען־סם. דער גיפט דרינגט אריין אין דעם בלוט און שטעקט אָן אַלע שלאָפקייטן מיט וועלכע די מענטשהייט פּלאָגט זיך נאָך ביז׳ן היינטיגן טאָג.

טויזנטער יאָרן איז אָפּגעלעגן די שווערד אויף איר שטיינערנעם גע־לעגער. אין פאַרלויף פון די אַלע יאָרן האָבן מענטשן מיט די גרעסטע אָנשטרענגונגען געפּרואווט זיך דערשלאָגן צום גליק, וואָס זיי האָט געוואָלט ברענגען דער דרייסטער יונג. אָבער ער אַליין איז לעבעדיגערהייט צעריסן געוואָרן אויף שטיקער פון די גרויזאַמע אָדלערס.

:: :: ::

טיט איז געווען אַ געוויינלעכער פּויער. ער האָט באַאַרבעט ברויט־פעלדער, געפּאַשעט אויף די בערג אַ סטאַדע שעפּסן, און קוים געהאַט גענוג שפּייז פאַר זיין גרויסער משפּחה. אָבער ניט געקוקט אויף זיין אָרעמ־קייט, איז קיין איין גאַסט, קיין איין וואַנדערער, קיין איין בעטלער פון אים אין עפּעס ניט אָפּגעזאָגט געוואָרן. אַ ליאַדע אָרעמאַן האָט געקאָנט קומען צו טיט׳ן אין שטיבל, זיך אַוועקזעצן ביים טיש צוזאַמען מיט׳ן פּויער׳ס משפּחה. טיט וואָלט בלויז צוגערוקט דעם גאַסט דעם בעסערן חלק, אָדער אים דערלאַנגט דעם גרעסערן בעכער, איידער זיינע ליבלעכע פאַמיליאַנטן.

טיט האָט קיינמאָל ניט באַפלעקט זיין נשמה. ער האָט ניט געזאָגט קיין ליגן, ניט פאַרראַטן דעם אמת, אפילו צוליב זיין בעסטן פריינט אָדער שלום־בית וועגן. ער איז געווען זייער קלוג. אויף זיינע וואַנדערונגען אין די בערג און אויף פּאַשע־פעלצער האָט ער באַנומען אַ סך סודות פון דער נאַטור, און זיך אפילו אויסגעלערנט פאַרשטיין די שפּראַך פון פויגלען און חיות.

איינמאָל האָט טיט געהיט אין די בערג די סטאַדעס פון דאָרף, און אַן אַלטיטשקער פּאַסטעך האָט אים פאַרטרויט די געשיכטע וועגן דער פאַר׳כשוף׳טער שווערד.

טיט האָט זיך דערוואוסט, אַז מיט דער הילף פון דער שווערד קאָן מען פאַרהיטן די מענטשן פון צרות און אומגליקן. האָט ער באַשלאָסן אַוועקגיין און זוכן דעם וואונדער־געווער אויפ׳ן שפּיץ פון דעם צויבער־באַרג.

דער אַלטער פּאַסטעך האָט אים גענומען דערפון אָפּרייידן. זיין גאַנצע פאַמיליע האָט זיך גענומען אים דערפון אָפּרייידן. דער גאַנצער דאָרף האָט געפּרואווט אים דערפון אָפּרייידן. נאָר ס׳האָט קיין זאַך ניט געהאָלפן. טיט האָט ניט געוואָלט פון קיין זאַך הערן. אים האָט נאָרניט געשראָקן, ניט די באַרג־אָפּגרונטן, ניט די ווילדע אָדלערס, ניט די אייז־בערג. ער

האָט גענומען אין די הענט דעם געטרייען פאַסטעך־שטעקן, אריבערגע־וואָרפן אויף דער פּלייצע דאָס זעקל מיט געדרשטענעם ברויט, זיך נידעריג פאַרנייגט צו די זקנים, געדריקט די הענט פון זיינע חברים פון זעלבן עלטער, זיך צעקושט מיט ווייב און קינדער און פאַרלאָזן זיין היימישן דאָרף.

ג י י ט ז י ך מ י ט ד ע ם ע ר ש ט ן ט אָ ג. די באַרג־סטעזשקע ווערט אַלץ אויסגעקרימטער. די פעלזן הויבן זיך אַלץ דראָענ־דיגער. די אָפּגרונטן ווערן אַלץ טיפער. נאָר טיט שרעקט זיך ניט. ער קלעטערט אַלץ העכער און העכער. און צו זון־פאַרגאַנג דערגרייכט ער אַזעלכע ערטער, וואו אַ מענטש האָט קיינמאָל קיין פוס ניט געשטעלט.

נאָך פון דערווייטנס האָט טיט באַמערקט אַ קרומע באַרג־סאָסנע, וואָס איז נעוואַקסן ביי אַ שאַרפן קער־פּונקט. און ווען ער האָט זיך דער־נעענטערט צום בוים, האָט ער דערזען ביי די וואָרצלען אַ שטאַרבנדיגע זי־בער, אַ בעריכע.

— וואָס האָט פּאַסירט, זי־בער? — פרעגט ער. — קאָן איך מיט עפּעס העלפן?

די זי־בער קוקט אויף אים מיט אומעטיגע אויגן און מורמלט טרויעריג:

— דו קאָנסט מיר ניט העלפן. דיר אַליין שטייט פאַר אַ לאַנגער וועג. דיר אַליין וועט ניט סטאַיען קיין שפּייז. און איך בין אָפּגעשוואַכט פון הונגער.

איז טיט׳ן געווען אַ רחמנות אויף דער זי־בער, האָט ער אַרונטערגעלאָזן פון פּלייצע דאָס זעקל, אַרויסגעצויגן דאָס ברויט, עס צעבראָכן אויף דער העלפט, און זיך געטיילט מיט דער בעריכע.

האָט די זי־בער גענומען דאָס ברויט און געזאָגט:

— א י ך קאָן לאַנג אויסקומען אָן שפּייז. אויך דו וועסט איצט זיין באַשאָנקען מיט דער איינגעשאַפט: וועסט הונגערן, נאָר קיינמאָל ניט אומקומען פון הונגער.

ג י י ט ז י ך ט י ט ד ע ם צ ו ו י י ט ן ט אָ ג. אַלץ מער און מער ווערט פאַרווישט דער שטעג. אָט איז ער שוין אינגאַנצן פאַר־שוואונדן, שטיינער שיטן זיך, קייקלען זיך פון די בערג, שאַרפע ברוכשטיקער פון פעלזן פאַרוואַליען דעם וועג. און טיט אַלץ שפּאַנט און שפּרייזט. ער קריכט איבער ריזיגע קופּעס זאַמד, דראַפּעט זיך אויף בערג־שפּועים, שפּרינגט פון איין פעלזן־טרעפּ אויף׳ן צווייטן. וואָס העכער, אַלץ קעלטער. אַ שניי איז געגאַנגען, אויסגעווייסט די ברוינע פעלזן. אַ טערפּקער ווינט בלאָזט אים אַנטקעגן. די פיס גליטשן זיך. דאָס פּנים פרירט.

אָוונט־צו האָט זיך טיט דערקליבן צו די סאַמע וואָלקנס. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט רוען אויף אַן אַרויסגעשטאַרטשעטן שטיין און פּלוצלונג דערפילט ער, אַז עמיצער קוקט אויף אים. ער האָט זיך אומגעדרייט און זעט: צוגעטוליעט צו איין זייט פון דעם שטיין׳ פּרוווט אַ באַרג־לאַם צודעקן מיט זיין קערפּער אַ לעמעלע.

— וואס איז דיר לאם? — פרעגט טים. — דארפסט אפשר האבן מיין הילף?

האט דער לאם אראפגעלאזן דעם קאפ און געענטפערט:

— מיין לעמעלע ווערט ביי מיר פארפרוירן. דו קאנסט מיר גארניט העלפן. ביי דיר אליין זיינען די מלבושים שוין אפגעשליסן. און דו האסט נאך צו גיין זייער ווייט.

טים האט אויף גיך אראפגענומען זיין איינציג רעקל און איינגעוויקלט ס'לעמעלע.

מיט דאנקבארקייט האט דער בארג־לאם אנגעקוקט טים'ן און זאגט:

— וועסט פרירן, נאר וועסט קיינמאל ניט אומקומען פון קעלט; פאר וועלכן אפגרונט דו זאלסט זיך ניט געפינען, וועסטו אלעמאל אים קאנען אריבערשפאנען.

גייט זיך טים דעם דריטן טאג. דערקלייבט זיך צו אזעלכע הויכן, וואס נאר געוויסע ווילדע פויגלען האבן געקאנט דערגרייכן. שניי און רויטע פעלזן זיינען געהאנגען פון אלע זייטן. און פאר־אוים האבן דראענדיג געבלישטשעט אומצוטריטלעכע אייז־בערג. פלוצלונג האט זיך דערהערט איבער זיין קאפ א גערויש און א טראסק. עס האט געהאגלט מיט שטיינער. ער איז פארכאפט געווארן פון א בארג־אוואלאנש. דורכ'ן ווילדן הארמידער האט זיך צו אים דערטראגן א טרויעריג פישטשען. דערזען האט ער אין דער טיפעניש פון א פעלז א נעסט, און אין דעם נעסט הילפלאזע אדלערלעך. האט זיך טים א ווארף געטאן פאראוים און מיט זיין קערפער באשיצט די פויגלען.

די שטיינער זיינען פארבייגעפלויגן, נאר טים'ן האבן זיי ניט פאר־טשעפעט. דער רעש האט נאך ניט באוויזן זיך איינצושטילן, ווען טים האט דערהערט איבער זיך א גערויש פון פליגלען. דאס איז געקומען צו־פליען, זיך אומרואיג אראפגעלאזן אן אדלער־מאמע.

— דו האסט זיך מרחם געווען, דיין לעבן איינגעשטעלט צו ראטעווען מיינע קינדערלעך, — האט זי געזאגט טים'ן. — וועסטו דערפאר זיך מער קיינמאל ניט צעשלאגן, פון וועלכער הויך דו זאלסט ניט פאלן.

דער דריטער מעת־לעת איז אויסגעגאנגען. די זון איז אויפגעגאנגען און מיט פייערן פון די פארשיידענע קאלירן זיך צעשפילט אויף די אייז־פעלדער.

א מאוימ'דיגער, מורא'דיגער ווינט האט פרובירט אומווארפן טים'ן. א הויכער, דארער, פליכעוואטער אלטיטשקער מיט א לאנגער פלאטערדיגער באָרד איז צוגעלאפן צו טים'ן אויף גרויע פליגלען, זיך צעוואַרטשעט, זיך צעוואיעט, זיך צעלאכט.

— גיי צוריק, — רופט ער צו טים'ן, — און איך וועל דיך מאכן פאר'ן סאמע שענסטן!

טים האט גארניט געענטפערט און איז ווייטער געגאנגען

— סאַמע שענסטן . . . סאַמע שענסטן . . . — האָט געוואָיעט דער ווינט.

ס'האָט אָנגעהויבן פאַלן אַ געדיכטער און שטעכיגער שניי. לעבן טיט'ן האָט זיך באַוויזן אַ צווייטער אַלטיטשקער, אַ וואָזשנער, דיקער גרייז־גרויער, מיט האָר־קוטשמעס פון אַלע זייטן.

— גיי צוריק, — רופט יענער צו טיט'ן, — און איך וועל דיך מאַכן פאַר'ן סאַמע רייכסטן!

טיט האָט גאָרניט געענטפערט און איז ווייטער געגאַנגען.

— סאַמע רייכסטן . . . סאַמע רייכסטן . . . — האָט געשורשעט דער שניי.

און טיט איז אַלץ געגאַנגען און געגאַנגען. ווינט און שניי האָבן זיך געהאַלזט, געאַרעמט, געכאַפּט פאַר די הענט, זיך צעטאַנצט אַרום טיט'ן, געשליידערט אים אין פּנים הורבעס שניי, פּראָבירט אים אומוואַרפן, אַרויס־שלאָגן פון די פיס. זיי האָבן זיך אַ טראַג געטאָן אים אַנטקעגן פאַרקערפערט אין אַ שניי־באַל, געוואָרן גרעסער מיט יעדער רגע און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ דראָענדיקער שניי־לאַווינע. נאָר טיט האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט, און די לאַווינע האָט זיך פאַרבייגעטראָגן, אים אויסגעמיטן. ווידער האָט זיך אַ ווייז געטאָן דער געגאַרטעטער שפּיץ פון דעם צויבער־באַרג. נאָר טיט האָט ניט באַוויזן אָפּצוגיין עטלעכע טריט, ווי פון אַהינטער האָט זיך אונטער־גע'גנב'עט אַ דריטער אַלטיטשקער, אַ כמורנער, פאַמעלעכער, שווייגנדיגער, און פאַרשטעלט דעם באַרג מיט אַ געדיכטן אומדורכדרינגלעכן פאָרהאַנג.

— גיי צוריק, — האָט גנבה'יש אַריינגעשעפּטשעט דער נעפּל, אַרויס־בליקנדיג פון דער פייכטער, גרוילעכער און גרוילינגער פינצטערניש, — און איך וועל דיך מאַכן פאַר'ן סאַמע באַרימטן!

— סאַמע באַרימטן . . . סאַמע באַרימטן . . . — האָט געשעפּטשעט דער נעפּל.

נאָר טיט האָט זיך אַ ריס געטאָן פאָראויס דורכ'ן נעפּל־פאָרהאַנג און זיך דערזען אויפ'ן שפּיץ פון דעם צויבער־באַרג.

שטיל און וויסט איז אויף אים געווען. אויבן האָט קאַלט געשיינט די זון. אונטן האָבן בערג זיך געטונקלט. אומבאַוועגלעך איז געלעגן די אַלמעכטיגע שווערד אויף איר שטיינערנעם געלעגער. מיט רעגנבויגן־פאַרבן האָט געפינקלט דער וואונדערלעכער מעטאַל, און געווען איז ער שטאַרקער פון דעם בעסטן שטאָל און הארטער פון דורכזיכטיגן פּערל. טיט האָט זיך אַרומגעקוקט, געוואָלט קניען פאַר די גנדעבעכנישן פון דעם העלדישן יונג, וואָס האָט אויסגעשמידט די שווערד. ער האָט אָבער גאָרניט געזען אויסער שטיינער און אייז. פון דעם כוואַטסקן יונג איז קיין זכר ניט געבליבן. דער ווינט און די צייט האָבן פאַרווייט יעדן שפּור. איז טיט צוגעגאַנגען צו דער שווערד, זי אָנגענומען ביים אָנהאַלט, און . . . וואונדער איבער וואונדער: די שווערד האָט זיך לייכט אים געגעבן אין די הענט.

טיט האָט צונעבונדן די שווערד צום גאַרטל, נאָכאַמאָל אַ קוק געטאָן פון דער העכסטער באַרג־הויך אויף דער ריזיגער וועלט, און אָנגעהויבן צוריקגיין.

האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אים נאָכיאָגן ווינט, שניי און נעפּל. זיי וואָיען, קוויטשען, שרייען אים נאָך, פליען אָן אויף אים, שטויסן פון די פיס, דער־קייקלען אים צו אַ טיפן אָפּגרונט און שטופּן אים אַרונטער. איז טיט געפלויגן צו אַ זיכערן טויט. נאָר דאָ פּאַסירט אַ וואונדער: זיין לייוונט־זעקל האָט זיך פאַראַשוטיש אָנגעבלאָזן, לאָזט ער זיך, ווי אַ פויגל, געלאַסן אַראָפּ אין דעם אָפּגרונט, פאַרטשעפּעט זיך אָן די פעלזן, און בלייבט הענגען איבער אַ שטורמישן שטראָם, וואָס פליצט ניט ווייט פון זיין לייבלעכן היימישן דאָרף.

האָבן אַריינגעקוקט אין דעם אָפּגרונט ווינט, שניי און נעפּל. דערזען דעם הענגענדיקן מענטשן איבער׳ן ברויזנדיגן טייך — מאַכן זיי דאָס גרעסטע געלעכטער. די „טראַגיקע" האָט זיך צעלאַכט אַזוי הויך, ווילד און אומגעלומפּערט, אַז מיט באַרג־אַוואַלאַנשן האָט אָפּגעהילכט דער משונה׳־דיגער שדים־געלעכטער. די בייזע רוחות זיינען געווען זיכער, אַז לאַנג וועט זיך טיט ניט קאָנען האַלטן איבער׳ן וואַסער־שטראָם — האָבן זיי זיך פרייליך געלאָזט צוריק אין וועג אַריין צו די בערג־שפּאַלטן. טיט איז אָבער, ווי אַ יונגער הירש, אַריבערגעשפּרונגען איבער׳ן טייך און מיט אַ זייטיגן וועג שנעל אַוועקגעשפּאַנט אַהיים.

אים איז אָבער געווען זייער שווער צו דערקענען זיין דאָרף. אַ צאָל שטיבער זיינען איינגאַנצן פאַרשוואונדן. אַנדערע זיינען געשטאַנען חרוב׳ע, פאַרוויסטע. גייט ער זיך איבער׳ן דאָרף און זאָל דאָס אים קומען אַנטקעגן כאָטש איין לעבעדיגער נפש.

האָט טיט זיך צעשריגן מיט׳ן גאַנצן כוח:

— העי, וואו זיינע אַלע מענטשן?

צעעפענען זיך טירן, דערשראָקענע איינוואוינער טוישן זיך מיט בליקן, קוקן זיך איבער און קוועטשן מיט די פּלייצעס.

— וואָסי׳ געשען? — חידוש׳ט זיך טיט. — וואָס איז פאָרגעקומען אין די דריי טעג פון מיין אָפּוועזנהייט?

— וואָס איז מיט דיר, טיט, ביזט חסר־דעה, פון זינען געריהט, — זאָגן צו אים זיינע דאָרפסלייט. — ניט דריי טעג, נאָר דריי יאָר האָסטו געבלאָנדזשעט אין די בערג. אין דער צייט איז מען אונז באַפאַלן, פאַר־כאַפּט אונזער ערד, צערויבט אונזער האָב־און־גוטס. אונז אַליין האַלט מען אין שקלאַפעריי, מען טעראָריזירט אונז אויף שריט און טריט. טו אַ טובה, שריי נישט, דיינע רייד קאָנען נאָך דערגיין צו די פרעמדע אַריינדרינגער, וועלן זיי קומען צולויפן אין דאָרף און ניט איבערלאָזן אַ שטיין אויף אַ שטיין.

נאָר טיט טוט זיך זיינס: שטראָפט, מוסר׳ט, טאַדלט די מענטשן פאַר

זייער פחדנות, רופט דאָס פאָלק צום קאַמף מיט די שונאים און אָנפאַלער. האָבן דערהערט זיין געשריי די פאַרשקלאַפער, און הענדום־פענדום, שנעל, ווי פייל פון בויגן, געקומען זיך צעטראָגן אויף טרענירטע קריגס־פערד מיט אָנגעשטאָלטע שפּיזן. נאָר טיט האָט א פאָך געטאָן מיט דער שווערד, און דעם שונא'ס פערד זיינען געפאַלן אויף די קני. האָט טיט א פאָך געטאָן א צווייטן מאָל מיט דער שווערד, און דעם שונא'ס שפּיזן האָבן זיך איבער־געבראָכן אויף צוויי. האָט טיט א פאָך געטאָן א דריטן מאָל מיט דער שווערד, און דעם שונא'ס קריגער זיינען זיך צעלאָפן, ווי פחדנות'דיגע פוקסן.

טיט איז דערנאָך צוזאַמען מיט זיינע דאַרפסלייט דורכגעגאַנגען דאָס גאַנצע לאַנד, אומעטום געוועקט, געמונטערט, אויפגעהויבן דאָס פאָלק און באַפרייט זיין היימלאַנד פון די פאַרבאַפער.

דאָס פאָלק האָט דערפאַר אויסגעקליבן טיט'ן פאַר'ן קעניג. ער האָט



פרעזידענט רוזוועלט באַוואונדערט „די שווערד פון סטאַלינגראַד" אין טעהעראַן ביי דער פייערלעכער צערעמאָניע פון איבערגעבן מאַרשאַל סטאַלינען די מתנה פון ענגלישן פאָלק. לינקס איז סטאַלין און רעכטס איז טשורטשיל. הינטער'ן פרעזידענט שטייט זיין זון קוירנעל עליאָט רוזוועלט.

געבויט נייע שטעט און דערפער און רעגירט מיט חכמה און גערעכטיגקייט. פערציג מאָל זיינען בושעלס געקומען צופליען פון ווייטע לענדער אין זיין מלוכה. פערציג מאָל האָבן מיט גילדערנעם זאַפט זיך אָנגעגאָסן די שטענגלען אויף די וויינשטאָקן. פערציג מאָל האָט דער שניי פאַרדעקט די ערד. און די אַלע יאָרן האָט טיט געקיניגט אין לאַנד אָן מלחמות און עקזעקוציעס. די פעלדער זיינען באַארבעט געוואָרן. מ'האָט געפלאַנצט וויינטרויבן און אַליוון. די סאַמע עלטסטע פרוכט־בוימער האָבן אָנגע־הויבן געבן פרוכט. די תבואה־פעלדער האָבן ארויסגעגעבן די גרעסטע גערעטעניש. נאָכ'ן אראָפּנעמען די וויינטרויבן זיינען די קעלערס פול געוואָרן מיט וויין. אפילו די בערג זיינען געווען שיכור פון פרייד. די פאַסטעכער האָבן גע'יובל'ט פון דעם שפע אין פאַשע־פעלדער און דעם גרויסן צוואוואוקס אין די סטאַדעס. דאָס פאָלק האָט געלעבט אין פולער געזיכערטקייט, אין וואוילזיין און פרידן.

נאָר קיין זאַך איז ניט אייביג אונטער דער זון. די שוואַרצע האָר פון קעניג זיינען ווייס געוואָרן. צעקנייטשט, צערונצלט און צעאַקערט איז געוואָרן זיין געזיכט. די פיס האָבן אָנגעהויבן זיך אונטערבויגן. די האַנט איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן און שוין קוים געקאָנט אויפהויבן די אַלמעכטיגע שווערד. און טיט האָט דערפילט עס דערנעענטערט זיך זיין טויט.

דער קעניג האָט געהאַט זיבן זין. געלעבט האָבן זיי אין די זיבן פראָווינצן פון דעם קעניגרייך, אין זיבן פאַלאַצן אויף די שפּיצן פון זיבן בערג. ווען זיי פלעגן קומען צו־פאָרן צום פאָטער, האָבן זיי זיך פאַר אים אין די אויגן געהאַלטן באַשיידן און ווירדיג. איינער האָט פּרובירט ארי־בערשטייגן דעם אַנדערן אין קלאָמפּערשטער געטרייישאַפט, געהאָרכזאַמקייט און ליבע צום גרייז־גרויען פאָטער. טיט האָט געוואָלט אויסקלייבן פון זיינע זיך דעם סאַמע ווירדיגן און פאַרדינסטפולן. ער האָט זיך אָבער ניט געוואָלט פאַרלאָזן, ניט געוואָלט געטרויען אפילו די אייגענע אויגן און אויערן, דאָס אייגן הארץ. האָט ער באַשלאָסן אויסגעפינען, וואָס מען רעדט וועגן זיינע קינדער צווישן פאָלק, און דעם סאַמע בעסטן נאָכדעם אָנטרויען די פאַר'־כישוף'טע שווערד.

ביינאַכט איז טיט ארויס פון פאַלאַץ און אומבאַמערקט זיך דערקליבן צום סאַמע ראַנד פון שטאָט. אין אַ טויב און בלינד פאַרוואָרפן געסל האָט ער גע'פּועל'ט ביי אַ וואַנדערדיגן בעטלער זיך אויסטוישן מיט די קליידער. קיינער וואָלט בשום אופן ניט דערקענט דעם גרויסן, הויך־געשעצטן קעניג אין די אַלטע, געלאַטעטע, אָפּגעריסענע־אָפּגעשליסענע, קרוע־בלוע מלבושים.

זיבן טעג און זיבן נעכט האָט דער אַלטער טיט געוואַנדערט איבער גאַסן און מערק פון קיינעם ניט דערקענט. ער איז אריינגעקומען אין אַ סך הייזער, קרעטשמעס, אכסניא'ס און אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צו די שמועסן און געזאַנגען. אומעטום האָבן די מענטשן גערעדט וועגן דער

שלעכטסקייט און גרויזאמקייט פון די קעניגלעכע זין, אז בלויז די מורא פאר׳ן טאטן מיט זיין שווערד צווינגט זיי איינצוהאלטן, צו צוימען זייערע פארברעכערישע ליידנשאפטן, אז זיי ווארטן אויפ׳ן טויט פון אלטן קעניג אנצוהויבן בלוטיגע רייסערייען איבער דער ירושה.

א שווערע משא האט זיך געלייגט אויף זיין הארץ. טיף האט זיך אומגעקערט אין פאלאץ און באפוילן פארזאמלען אויפ׳ן סקווער די גאנצע באפעלקערונג פון דער הויפט־שטאט.

— צו מיר זיינען דערגאנגען ידיעות וועגן די שלעכטסקייטן פון מיינע זין. האב איך באשלאסן אויסגעפינען דעם אמת, — האט דער קעניג געזאגט. — איצט איז שוין ביי מיר זיכער, אז דאס פאלק האט רעכט און זיין משפט איז גערעכט: קיין איינער פון זיי איז ניט ווערט, פארדינט ניט צו באזיצן די אלמעכטיגע שווערד און אנפירן מיט אונזער מלוכה. אבער איך בין אלט. מיין טויט איז נאענט. צייט איבערצוגעבן די שווערד אין אנדערע הענט. טא זאלן אלע וויסן, אז ווער עס וועט באוויזן אויפהויבן די שווערד, וועל איך צוזאמען מיט דער שווערד אים איבערגעבן די מלוכה־פירונג.

און אין אלעמענס אנוועזנהייט, פאר אלעמען אין די אויגן, האט ער באשווארן די אלמעכטיגע שווערד, אז בלויז א מענטש מיט א ריין הארץ, מיט א ליכטיגן מוח און שטאלענעם ווילן זאל זיין בכוח זי אויפצוהויבן.

זיבן טעג האט טיף ארויסגעטראגן די שווערד אויפ׳ן סקווער, און טויזנט גבורים, כיטראקעס, מאכט־געלט־ און כבוד־זוכער פון אלע עקן פון דער מלוכה האבן טאג איין, טאג אויס געפרואווט זי אויפהויבן.

נאר ס׳האט גארניט געהאלפן — קיינער פון די וואס האבן געהאט גרויס חשק צו ווערן אלמעכטיגע קעניגן האבן די שווערד ניט געקאנט אויפ־הויבן פון דער ערד.

ביטער צעוויינט האט זיך דעמאלט דער קעניג. צום לעצטן מאל האט ער אויפגעהויבן די וואונדערלעכע שווערד, און באגלייט פון גאנצן פאלק, לאנגזאם אוועק איבער׳ן וועג, וואס פירט צו א גרויסער בארג־אזיערע, וואס געפינט זיך העכער פון אלע וואסערן פון דער וועלט.

ווען טיף האט דערגרייכט די אזיערע, איז ער אריין מיט זיינע נאענטע אין א שיפל, און ארויסגעשוואומען צום סאמע מיטן. ער האט אויסגעקליבן דעם סאמע טיפסטן ארט, אויפגעהויבן די שווערד איבער׳ן קאפ און זי אריינגעווארפן אין דער ים־טיפעניש. באלד האט זיך צעקאכט, צעפיענעט, צעשוימט, צעבויטעט, צעווירבלט דאס דורכזיכטיגע וואסער. א שטורעם האט זיך אויפגעהויבן אין די בערג. די מענטשן אויפ׳ן ברעג זיינען אומגע־פאלן פון שרעק. די וואסערן זיינען געווארן בלויער, טונקעלער, פינצטערער. זיי האבן באהאלטן פון די מענטשלעכע בליקן די אלמעכטיגע שווערד. און אויף דעם ארט, וואו די שווערד איז אריינגעווארפן געווארן, האט זיך אויפ־געהויבן פון וואסער אן אינזל.

איז טיף ארויף אויפ׳ן אינזל, געבעטן זיינע נאענטע אים דארטן מקבר

צו זיין. ער האָט זיך פאַרנײַנט צום פאָלק און אַנטשלאָפן געוואָרן אויף אייביג.

:: :: ::

זיינען אַוועק אַ סך יאָרן, צענדליגער, הונדערטער. אַלע אומדערבאַ־רעמדיגער האָבן שטאַרקע אונטערדריקט די שוואַכע, און רייכע די אָרימע. די מענטשן איז געווען שווער אריבערטראָגן די שקלאַפעריי. בונטן און אויפשטאַנדן פלעגן אויסברעכן אין אַלע לענדער פון דער וועלט. געבילדעטע מענטשן האָבן פון ביכער און מאַנוסקריפּטן זיך דערוואוסט פון יענע צייטן, ווען די מענטשהייט האָט געלעבט פריי און גליקלעך. די סאַמע ערלעכסטע



**לענין אַלס סטודענט אין 1887**

פון זיי האָבן אויפגעקלערט, דערציילט וועגן יענע ווייטע צייטן דעם פאָלק, און אים געלערנט קעמפן פאַר זיין באַפרייאונג.

ביי איינעם פון די אמת׳דיגע מענטשן אין אַ ווייטער שטאָט פון צפון־רוסלאַנד איז געבוירן געוואָרן אַ אינגל, וועמען עס איז געווען באַשערט צו פאַראייניגן די בעסטע מענטשן פון דער וועלט אין אַן אומצעשטערבאַרן פאַרבאַנד און ווייזן דער מענטשהייט דעם וועג צו פרייהייט און גליק.

נאָך אין די פריסטע יאָרן האָט דאָס אינגל אַלעמען איבערראַשט מיט זיין פייאיגקייט, גראַדליניגקייט, „פעלזן־פעסטקייט", אמת׳דיגקייט, ליב־טינקייט און שאַרפזיניגקייט. עס איז געוואַקסן און פלייסיג געלערנט אַלע

ווייסנשאפטן, אַלע סודות פון דער וועלט. זיין לעבן איז געווען ענלעך אויף דעם ברענען פון אַ העלישן אומפאַרלעשבאַרן פאַקל, וואָס באַלויכט דעם וועג אין אַ שטאָק־פינצטערניש. דער רום פון זיין חכמה האָט זיך צעטראָגן אַלץ ווייטער און ווייטער. מיט יעדן יאָר איז אַלץ מער געוואַקסן די צאָל פון זיינע אָנהענגער. צום סוף איז געקומען דער טאָג, ווען ער האָט גערופן די אונטערדריקטע זיך נעמען פאַר'ן געווער און אויסקעמפן פאַר זיך פרייהייט.

צענדליגער פעלקער האָבן אונטערגעכאַפּט דעם גרויסן רוף. זיי זיינען אויפגעשטאַנען ווי איינער אויף'ן סאַמע גרעסטן קאָנטינענט פון דער וועלט, געשטירצט די הערשאַפט פון טיראַנען, גבירים, אויסנוצער, וואָוכערער, באַרייסער, און געגרינדעט אַ מלוכה פון האַרעפּאַשניקעס. זיי האָבן זיך געפירט לויט'ן געזעץ: „פון יעדערן לויט זיין פייאיגקייט און יעדערן לויט זיין אַרבעט"; אַז לעבן גוט זאָל בלויז דער, וואָס אַרבעט גוט; אַז יעדער בירגער איז אַ טייל פון אַ גרויסער מענטשלעכער פאַמיליע און האָט רעכט אין דער פאַמיליע אויף וויפיל ער פילט אויס זיינע פליכטן צו איר; אַז אַלע דאַרפן אַרבעטן און אַלע דאַרפן זיין געזיכערט מיט די פרוכט פון דער אַרבעט; אַז דער וואוילזיין פון מענטשן איז דער צוועק פון יעדער אַרבעט און אינדוסטריע. און זיי האָבן געשטרעבט צו קאָנען מיט דער צייט לעבן לויט'ן פרינציפּ: „פון יעדערן לויט זיין פייאיגקייט און יעדערן לויט זיינע נויטן און באַדערפענישן".

זיינען אויפגעציטערט און אויפגעצאָרנט געוואָרן אויף דער גאָרער וועלט די רייכע, מעכטיגע און הערשנדיגע. האָבן זיי אויסגעשטאַט אַרמייען און פון אַלע זייטן אַטאַקירט די גרעניצן פון דער יונגער מלוכה. עס איז ניט געווען קיין וואָפן, וואָס זיי זאָלן ניט האָבן אָנגעווענדעט געגן די אויפגעשטאַנענע פעלקער.

שווער איז געוואָרן דעם יונגן לאַנד, און שווער איז געוואָרן זיין פירער און לערער. צום גליק איז ביי אים געווען אַ חבר, „אַ וואונדערלעכער יונגער גרוזין", וואָס איז אים געוואָרן דער סאַמע נאָענטער, באַליבטער און געטרייער. נאָך אין דער יוגנט האָבן זיי זיך צום ערשטן מאָל געטראָפן. צוזאַמען שפּעטער דורכגעמאַכט עמיגראַציע, טורמע, פאַרשיקונג, קאַטאָרגע. דער עלטערער האָט זיך גערופן לענין, דער אינגערער — סטאַלין.

לענין און סטאַלין האָבן זיך געטראָפן מיט די בליקן און אָן ווערטער פאַרשטאַנען, אַז זיי טראַכטן וועגן דער זעלבער זאַך.

— מען דאַרף קריגן די אַלמעכטיגע שווערד. אָניט וועט זיך די מלחמה פאַרציען און אַ סך בלוט וועט פאַרגאָסן ווערן, — האָט געזאָגט לענין. — אָבער בײדע קאָנען מיר ניט פאַרלאָזן איינצייטיג מאָסקווע. דו ביזט אינגער, וועט שוין דיר אויסקומען צו גיין.

האָבן זיי זיך פייערלעך געזעגנט, און סטאַלין איז אַוועק אין דעם ווייטן, ווייטן וועג.

לאנגזאם, צי שנעל, — נאָר תמיד געגאַנגען איז סטאַלין פאָראויס. גייט דורך גרויסע רוישיגע שטעט, פאַרוואָרפענע טויבע דערפער, שווימט אַריבער ברייטע טייכן, בראַדזשעט איבער געדיכטע וועלדער, רייט אויף פערד, שלעפט זיך צופוס, פאָרט מיט באַנען, שיפן און עראָפּלאַנען. אַן אַ שיעור געפאָרן איז אים אויסגעקומען אַנצוטרעפן אויפ׳ן וועג, אַן אַ שיעור שונאים באַזיגן. ס׳איז נישט אויסצודערציילן אַלץ וואָס ער האָט דורכגע־לעבט, אויב מען זאָל אפילו ריידן גאַנצע דריי יאָר.

די שונאים האָבן זיך דערוואוסט, אַז לענין האָט געשיקט סטאַלינ׳ען אויף דער וויכטיגער שליחות, האָבן זיי צונויפגעזאַמלט אַלע זייערע האַר־מאַטן, ביקסן, באָמבע־וואַרפער, און פאַרשאָטן מיט באָמבעס, גראַנאַטן, קוילן און מינעס אַלע וועגן, וואָס פירן קיין קאַוקאַז. פייער און טויט האָבן געלויערט אויף אַלע וועגן.

סטאַלין זעצט פאָר זיין גאַנג. ער הערט דאָס סווישטשען פון די קוילן, זעט אויפרייסן. ער גייט אָבער אומגעוואַקלט — ניט געוואוינט איז ער אָפּצונויגן, אָפּצואוווייכן פון זיין וועג. און ווען ער זאָל ניט אָנטרעפן אויפ׳ן ראַנד פון דעם וואַלד צוויי קינדער, וואָלט ער געגאַנגען אַלץ ווייטער, גראַדליניג, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, און ער וואָלט מעגלעך דער־הרג׳עט געוואָרן פאַר דער צייט, און לענין וואָלט זיך קיינמאָל ניט דערוואַרט אויף זיין צוריקקער.

נאָר סטאַלין האָט באַמערקט צוויי קינדער, וואָס האָבן געהאַלטן איינס דאָס צווייטע פאַר די הענט און ביטער געוויינט. איז ער צו זיי צוגעגאַנגען, זיך צעשמייכלט, געפרעגט — פאַרוואָס זיי וויינען. דערמוטיגט פון צערט־לעכן בליק און גוטן שמייכל, האָבן די קינדער געזאָגט, אַז זיי זיינען פון דאָרף אַוועק אין וואַלד קלייבן ניסלעך, און ווען זיי האָבן געוואָלט זיך אומקערן אהיים, האָט זיי פאַרשטעלט דעם וועג אַ פייערדיגער רעגן; זיי שטייען שוין דאָ אַ מעת־לעת און ווייסן ניט ווי אַזוי זיך דערקלייבן צו זייער מאַמען.

סטאַלינ׳ען איז געווען אַ רחמנות אויף די קינדער, ווי אויף דער מאַמע׳ן. „אונזערע קינדער — די האָפענונג פון דער צוקונפט", איז געווען אַ פאַר־שפּרייטער לאָזונג אין דעם יונגן לענין־לאַנד. לענין אַליין האָט מוטערלעך ליב געהאַט קינדער, זיך אַ סך געזאָרגט און געטאָן פאַר זיי, געלאָזט פאַר זיי בויען קינדער־היימען, שפּיל־פּלעצער און פּיאָנערן־פּאַלאַצן. ער דער־מאָנט זיך, ווי לענין האָט אַמאָל ווייך און צאַרט געגלעט קינדער און דערביי אַ זאָג געטאָן: „זיי וועלן שוין לעבן אַ סך גליקלעכער פון אונז. זיי וועלן שוין פאַרשפּאָרן דורכמאַכן אַ סך פון דעם, וואָס אונז איז אויסגע־קומען. עס וועט ניט זיין אַזויפיל גרויזאַמקייט אין זייערע לעבנס".

אויך מוטערשאַפט איז גוואַלדיג רעספּעקטירט געוואָרן אין דעם יונגן לענין־לאַנד. לענין אַליין האָט אַ סך צערטלעכקייט, געטריישאַפט און ליבע אויך געהאַט פאַר זיין מוטער, ווי פאַר זיין פרוי און דער פרוי׳ס מוטער.

לענין האָט בעסער פון וועמען עס איז באַגריפן די נויטן פון דער פּאָלקס־פרוי, די באַזונדערע שוועריגקייטן און אומשטענדן פון איר לעבן און אַרבעט. ער האָט אַלעמאָל געזוכט פאַרלייכטערן איר שווערן גורל און געמיט, זי מאַכן אומאָפּהענגיג און פולשטענדיג אויסגלייכן אירע רעכט מיט׳ן מאַנ׳ס.

(סטאַלין דערמאָנט זיך עפּיזאָדן פון לענינ׳ס צוזאַמענלעבן מיט זיין פרוי „נאַדיעזשדאַ" (האָפענונג). קיין זאַך איז איר ניט געווען שווער, אַבי איר מאַן זאָל זיך קאָנען אָפּגעבן אינגאַנצן צו זיינע וויכטיגע אַרבעטן. לענין, פון זיין זייט, האָט פונקט אַזוי זיך געמיט מיט אַלע כוחות צו העלפן אין אַלץ זיין נאַדיעזשדאַ׳ן. זיי האָבן לאַנגע יאָרן פון זייער עמיגראַציע־לעבן געאַרבעט אין דערבייאיגע צימערן: ער אין זיין קליינער, באַשיידענער, אָבער שפּיגל־ריינער שטודיע, זי — אין קיך.

אַמאָל פלעגט ער דערהערן, כאָטש זי האָט גערעדט זייער שטיל, אַז עס פעלט איר ברויט צי עפּעס אַנדערש. לענין פלעגט זיך באַלד באַוויזן לעבן דער קיך־טיר און זאָגן: „איכ׳ל גיין נאָך ברויט; פאַרוואָס האָסטו מיר פריער ניט געזאָגט? איך דאַרף זיך נוצלעך מאַכן אַרום שטוב". און ער פלעגט ניט סטייען איידער עמיצער האָט געפּרואווט אים איינצורייידן ער זאָל בלייבן.

נאַדיעזשדאַ׳ס מוטער האָט אָפט געקרענקט. און אויך צו דער שוויגער איז ער געווען זייער איבערגעגעבן. פלעגט לויפן נאָכ׳ן דאָקטאָר אָדער אין אַפּטייק נאָך רפואות. אָדער זי געפּרואווט אויפמונטערן מיט די ווערטער, וואָס ער האָט געגוצט צו זיך אַליין, ווען ער האָט געליטן — און ער אַליין האָט אָפט געליטן פון פאַרשיידענע ווייטאָגן: „די וויכטיגסטע זאַך אין אַ קראַנקהייט איז קיינמאָל דעם מוט ניט פאַרלירן — מוט פאַרלאָרן איז אַלץ פאַרלאָרן".

זייער פאַמיליע־לעבן איז געווען אַ מוסטער פאַר׳ן גאַנצן לאַנד. נאַדיעזשדאַ האָט געטיילט זיינע אידעאַלן, זיינע פּלענער, זיינע פריידן און ליידן, ווי די פּאַסירונגען פון זיינע מיט וויכטיגער אַרבעט פאַרנומענע טעג. מיט איר האָט ער געשפּאַצירט. מיט איר האָט ער אָפּגערוט. מיט איר האָט ער אָפט אַוועקגעבלאָנדזשעט פון דער טומלדיגער שטאָט אין דאָרף אַריין, אויפ׳ן שויס פון דער נאַטור.

און גאָר אַ סך איז סטאַלינ׳ען געווען באַוואוסט פון לענינ׳ס ליבע און איבערגעגעבנקייט צו זיין מוטער. ווי שטאַרק ער איז ניט געווען פאַרנומען, האָט ער אַלעמאָל אָפּגעריסן צייט פאַר די נויטן פון זיין מוטער. פון אומעטום פלעגט ער שיקן „בריוועלעך דער מאַמען", וויפיל טייערע שעה׳ן שלאָף דאָס זאָל אים ניט האָבן געקאָסט.)

ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט, האָט סטאַלין גענומען די קינדער אויף די הענט, זיי צוגעטוליעט צו דער ברוסט און אין דער פינצטערניש גענומען בראָדזשען פון גרוב צו גרוב, פון רינווע צו רינווע, פון טייכל צו טייכל,

שפרייזן איבער פעלדער, קריכן איבער קוסטעס, באשיצנדיג מיט זיין קער־פער די קינדער.

ער האט ענדלעך אריינגעבראכט די קינדער אין דארף. פון זיינע הענט זיי איבערגעגעבן גלייך אין די הענט פון דער פארצווייפלטער מוטער, וואס האט שוין געהאט פארלוירן די האפענונג, זיך מער ניט גערעכט צו זען די קינדער לעבעדיגע. זי האט איבערגענומען פון סטאלינ׳ען די קינדער, זיך צעוויינט פון פרייד, אים אריינגעפירט צו זיך אין שטוב, אנגעטרונקען מיט מילך. נאכ׳ן אפרוען פון וועג האט זי אים מכבד געווען מיט די בעסטע שפייזן, וואס זי האט געהאט און ארויסבאגלייט הינטער׳ן ישוב און אלס א געזעגענונג־אנדענק געגעבן א בעבער און א קנויל האר.

— אין דעם בעבער, — האט זי געזאגט, — זיינען הייסע מוטערלעכע טרערן, אין דעם קנויל — מיינע האר. אז דו וועסט זיין אין א צרה — באנוץ זיך מיט מיין מתנה, און ווי אזוי און ווען — וועסטו אליין וויסן, ווען די צייט וועט קומען.

האט גענומען סטאלין די מתנה, באדאנקט די פרוי, זיך געזעגנט און אוועק צו די ווייטע, ווייסע בערג קאווקאזער פון זיין געבורטלאנד. אים איז אויסגעקומען אריבערקלעטערן א שטרענגע קייט פון אומצוטריטלעכע בערג פון וואנען ער האט זיך אראפגעלאזן אין דער הייסער קאווקאז.

דריי לענדער האבן פון לאנגאניגע צייטן זיך געפונען אין קאווקאז. דריי פעלקער האבן באארבעט דעם פרוכטבארן באדן. לאנגע יארן האבן די מלוכות געפירט צווישן זיך א בלוטיגע מלחמה. פריצים און סוחרים האבן אויפגעהעצט די פעלקער. די ארבעטער און פויערים האבן מורא געהאט צו עפענען א מויל. מיט סטראשונקעס און דורך נארעריי האבן די רייכע געצוואונגען די ארעמע אויסצוראטן איינער דעם צווייטן. און אליין אלעמען בארויבט און געווארן רייכער פון טאג צו טאג. דאס לאנד איז געווען א טורמע פון פעלקער, ווי פון מענטשן.

אין איין לאנד האט מען אריינגעזעצט סטאלינ׳ען אין טורמע דער־פאר וואס ער האט ניט געלאזן בויאנעס זיך איזדעקעווען איבער א שוצלאז מיידל. נאר די ארבעטער האבן צעווארפן די טורמע און באפרייט דעם דרייסטן באשיצער.

אין דעם צווייטן לאנד האט מען אריינגעזעצט סטאלינ׳ען אין טורמע דערפאר וואס ער האט ניט געלאזן די פראצענטניקעס בארויבן קראנקע און זקנים. נאר די פויערים האבן צעווארפן די טורמע און באפרייט דעם בראוון פארטיידיגער.

און אין דעם דריטן לאנד האט סטאלין ניט געלאזן די הענקערס שלאגן מיט נאהאיקעס הוימלאזע און יתומים. האבן אים די הענקערס געכאפט און אוועקגעפירט אויף א וויסטן אינזל פון א גרויסער בארג־אזיערע, וואו זיי האבן אין א תפיסה געפייניגט און הינגעריכטעט זייערע געגנער.

סטאַלין האָט געקענט די הענקערס נאָך פון אמאָל. ער האָט נאָך אין דער יוגנט פון זיי אַריינגעכאַפּט געגוג קלעפּ. ער האָט אין יענעם לאַנד שוין מיט יאָרן צוריק געקעמפט געגן דער פאַרשקלאַפונג פון זיין פאָלק. האָבן זיי אים איינמאָל געכאַפּט און באַשטראָפט מיט „לויפן דורך די רייען". ער איז אָבער ניט געלאָפן, נאָר דורכגעגאַנגען מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און מיט אַ בוך אין דער האַנט צווישן די צוויי רייען פון די הענקערס, וואָס האָבן מיט נאַהאַיקעס אים געשלאָגן רעכטס און לינקס, איבער'ן קאָפּ און אַלע גלידער.

דער „יונגער אָדלער", ווי דאָס פאָלק האָט אים צערטלעך גערופן, האָט אָבער דערשטיקט אין זיך זיינע ווייטאָגן, זיך אפילו קיין קרים ניט געטאָן, נאָר ניט באַהאַלטן זיין טיפע פאַראַכטונג צו זיי. ער איז נאָכדעם פון זיי פאַרשפאַרט געוואָרן אין אַ טורמע, נאָר צוזאַמען מיט די אַנדערע איינגעשפאַרטע האָט ער צעשלאָגן די ווענטער און איז פון דאָרטן אַנטלאָפן.

אין דער נייער תפיסה האָט סטאַלין געהערט יללות און קרעכצן. זיינע אויגן האָבן זיך צוגעוואוינט צו דער פינצטערניש, זעט ער אויפ'ן שטיי־נערנעם דיל מענטשן, אַנדערע זיצן, אַנדערע ליגן, וואַרטן אויף זייער טויט.

„—דערקליבן האָב איך זיך צום גויטינן אָרט", האָט אַ טראַכט געטאָן סטאַלין. — „איצט דאַרף מען זיך באַפרייען".

— פאַרוואָס גיט איר זיך אונטער די טורמע־לייט? פאַרוואָס וואַרט איר גלייכגילטיג אויף דער הינריכטונג? — האָט ער אָנגעהויבן טאַדלען די אַרעסטירטע. — לאָמיר צעברעכן די דילן און מיט די שטיינער צעשלאָגן די אונטערדריקער!

און ווען די פייניגער זיינען געקומען נאָך זייערע קרבנות, האָבן די אַרעסטירטע זיי צעשלאָגן און זיך אַרויסגעריסן אין דרויסן.

— פאַרהאַלט זיך ניט, פאָרט צום ברעג, צעגייט זיך איבער די שטעט און דערפער, וועקט די מענטשן צום אויפשטאַנד! — רופט צו זיי סטאַלין.

ווען זיי זיינען שוין געווען אויסגעזעצט אין די שיפלעך האָבן זיי דערזען — פּאָר איין מענטשן סטאַיעט ניט קיין פּלאַץ. האָבן זיי זיך געעריגערט און באַשלאָסן וואַרפן גורל, נאָר סטאַלין באַרואיגט זיי:

— פאָרט און טוט אייער פליכט, וועגן מיר זאָלט איר זיך ניט זאָרגן.

איז סטאַלין פאַרבליבן, אַליין אַוועק איבער'ן אינזל. ער שטעלט אַ טראָט, וואַרפט אויף דער ערד אַ שטיין, הערט זיך איין, צי עס קלינגט ניט אָפּ — און גייט ווייטער. גייט און גייט, נאָר פּלוצלונג דערהערט ער אַ לייכטן קלונג, און געפינט ס'געהעריגע אָרט. דאָ ליגט די שווערד. עס קלינגט און זינגט דער צויבערדיגער מעטאַל, נאָר ס'איז שווער זיך דער־קלייבן צו אים.

נעמט סטאַלין אַרויס דעם בעכער מיט מוטערלעכע טרערן. קערט אים איבער. צעגיסט זיך אויף דער ערד אַן אומאויסשעפּלעכער הייסער שטראָם. גיסן זיך ביטערע, שווערע טרערן. דרינגען אַריין אַלץ טיפער אין דער

ערד. צעוואשן דעם באָדן. ווי אַ טיפע שאכטע לאָזט זיך אַרונטער דער טרערן־קוואַל. די טרערן דערקייקלען זיך צום סאַמע דעק פון ים און מישן זיך אויס מיט'ן קריסטאַל־ריינעם וואסער. בויגט זיך איין סטאַלין, גיט אַ קוק, זעט: — אונטן לויכט זיך די שווערד, פונקט ווי אַ זונען־שטראַל וואָלט געלעגן אויפ'ן דנאָ.

נעמט סטאַלין ארויס דעם קנויל האָר. פלעכט פון זיי אַ שטריק. ציען זיך די האָר אָן אַ סוף. אַלץ לענגער ווערט דער שטריק. זיך אויסגעצויגן ביז'ן סאַמע דעק. איז סטאַלין צוגעגאַנגען צום נאָענטסטן בוים, מיט'ן עק פון שטריק ארומגעוויקלט זיין שטאַם און זיך אָנגעהויבן ארונטערלאָזן. ער לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער סאַמע באַהאַלטענער טיפעניש, און זעט: כוואַליעס האָבן אַוועקגעוואַשן די פעלזן, און ווי אין אַ טיפער הייל אָדער אוהל רוט די וואונדערלעכע, לויכטנדיגע, אַלמעכטיגע שווערד, וואָס בליש־טשעט נאָך העלער פון פערל און בריליאַנטן. סטאַלין האָט זיך איינגעבויגן, אויסגעשטרעקט די האַנט צו דער שווערד און אָן שווערינקייטן זי אויפגעהויבן.

ווי אין די אַלטע צייטן האָט זיך ווידער צעשטורעמט די אַזיערע. די זון האָט זיך באַהאַלטן אין די וואָלקנס. אַ ווילדער ווינט האָט אָנגעבלאָזן און אויפגעשוימט די כוואַליעס. ס'האָט אָנגעהויבן דונערן. דאָס וואסער האָט זיך אויפגעהויבן, אויפגעשטעלט קאַפּויר ביז'ן סאַמע הימל.

סטאַלין איז ארויסגעקראָכן אויף דער אויבערפלאַך. ער האָט נאָך ניט באַוויזן צו שטעלן אַ פוס אויף דער ערד, ווי דער אינזל האָט אַ ציטער געטאָן, די פעלזן האָבן זיך צעטרייסלט, צונויפגערוקט, און פון דעם ערד־שפּאַלט איז קיין זכר ניט געבליבן.

דערמאָנט זיך דאָ סטאַלין ווי אין דער קינדהייט האָט ער זיך איבערגע־רופן אין די קאַווקאַזער בערג מיט די אָדלערס. צעשרייט ער זיך מיט אַ רופנדיגן הויכן קול. צעטראָגט דער ווינט זיין שאַל איבער די בערג. סטאַלין האָט אויפגעהויבן די שווערד. דער שאַרף האָט געטאָן אַ בלענד, ווי אַ שנייאיגער שפּיץ־באַרג. פון אַלע זייטן לאָזן זיך לויפן צום אינזל שנעלע אָדלערס, כאַפּן אונטער סטאַלינ'ען, הויבן זיך אויף מיט אים אין הימל און טראָגן אים איבער די וואָלקנס גלייך קיין מאָסקווע, אין קרעמל, צו לענינ'ען.

סטאַלין גייט אריין צו לענינ'ען, לייגט אַוועק פאַר זיינע פיס די אַלמעכטיגע שווערד, און באַלד האָט אויפגעלויכטן, אויפגעפינקלט אין דעם צימער.

לענין האָט די שווערד אויפגעהויבן, זי אַ ווײַלע מיט פייכטע אויגן און פאָרכטיגקייט באַטראַכט, אַ קוש געטאָן, און זאָגט צו סטאַלינ'ען:

— נעם זי בעסער דו, מיין סאַמע נאָענטער חבר און פריינט. גיי געשווינד צו אונזער רויטער אַרבעטנדיגער אַרמיי און צעשלאָג אַלע שונאים פון אונזער פרייען לאַנד.

האָט זיך סטאַלין אוועקגעיאָגט קיין מזרח און צעשמעטערט די גרויזאַמע סאַמוראַיער און די ווייסע פּאַררעטער. פון דאָרטן האָט ער אוועקגעיאָגט קיין מערב און צעשמעטערט די באַרימערישע פּאַנעס און חוצפה'דיגע פּאַרכאַפּער. דערנאָך איילט ער קיין צפון און פאַרטרייבט אין זייער רו אַריין די גרויסהאַלנדיגע באַראָנישע און לאָרדישע חיילות. פליט קיין דרום און צעטרייבט אין אַלע זייטן די יונקערשע און פּריצישע גענעראַלן.

און אַט איז ער צוריק אין קרעמל, גייט אַריין צו לענינ'ען און לייגט ווידער אַוועק פאַר זיינע פיס די אַלמעכטיגע שווערד.

— אַלצדינג איז ריכטיג אויסגעפילט געוואָרן, — זאָגט ער. — קיין איין פיינטלעכער קריגער איז ניט געבליבן אויף אונזער ערד.

— אַ דאַנק דיר, — זאָגט לענין. — נאָר ניט פאַרענדיגט איז דיין דינסט פאַר אונזער מוטערלאַנד. אַ גרויסע אַרבעט איז אָפּגעטאָן געוואָרן, נאָר נאָך גרעסערע אויפגאַבן און פּלענער שטייען פאָר. מען דאַרף דעריאָגן



מאַרשאַל סטאַלין קושט „די שווערד פון סטאַלינגראַד", וואָס טשוירטשיל (מיטן רוקן צו דער קאַמעראַ) האָט אים נאָר-וואָס איבערגעגעבן. אַנטאָני אידען געפינט זיך לינקס. מאָלאָטאָוו שטייט לעבן סטאַלינ'ען.

און אריבעריאַגן אַלע פאַרגעשריטענע לענדער. מען דאַרף עלעקטריפיצירן, אינדוסטריאַליזירן, קאָלעקטיוויזירן דאָס לאַנד, עס דערהויבן צו די העכסטע שטאַפּלען פון וויסנשאַפט, קולטור און קונסט. מיין טויט איז אָבער נאָענט, כאָטש מיין הארץ איז ניט אומרואיג. אין געטרייע הענט וועט פאַרבלייבן די אַלמעכטיגע שווערד.

אין אַ קורצער צייט ארום האָט לענין אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם. די האָרעפּאַשנע מאַסן פון דער גאָרער וועלט האָבן אַלס צייכן פון טרויער אָפּגעשטעלט אויף אַ צייט די ארבעט. אַלע באַנען, אַלע פאַבריקן, אַלע רעדער פון גאַנצן לאַנד זיינען געשטאַנען שטיל בשעת דער גרויסער פאָלקס־פירער איז באַערדיגט געוואָרן.

אויף לענינ׳ס לויה האָט סטאַלין פייערלעך און פאַרכטיג געגעבן די פאָלגנדיגע שבועה:

„אָפּשייד־נעמענדיג פון אונז, האָט חבר לענין אונז אָנגעזאָגט צו האַלטן הויך און ניט באַפלעקן די ריינקייט פון דער בלוט־רויטער פאָן פון קאַמף פאַר׳ן מענטשלעכן גליק . . .

צו אָפּהיטן די איינינקייט פון אונזער פאָלק ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג . . .

צו זיין אויף דער וואַך און שלאָגן אָן רחמנות די שונאים פון פאָלק . . .

צו פאַרשטאַרקן מיט אונזער גאַנצער מאַכט דעם בונד צווישן די ארבעטער און פויערים . . .

צו אויפהאַלטן די גרעסטע פריינטשאַפט צווישן די פעלקער פון אונזער לאַנד . . . .

צו פאַרשטאַרקן די רויטע ארמיי . . .

מיר שווערן דיר, חבר לענין, אַז מיר וועלן אויספילן מיט כבוד דיין וואונטש".

סטאַלין האָט דעמאָלט פאָרטראַכט אַ ריזיגן מאָנומענט נאָך לענינ׳ען.

אויף די ברעגן פון דעם מאָסקווע־טייך וועט ער אויפבויען אַן אָנדענק־פּאַלאַץ, דעם סאַמע גרעסטן אין דער גאָרער וועלט. ער וועט זיין דאָס הארץ און מוח פון דער מאָסקווע פון מאָרגן, פון דער מאָסקווע פון דער צוקונפט, ווי פון גאַנצן לאַנד.

דער קרוין פון דעם פּאַלאַץ וועט זיין די סטאַטוע פון לענינ׳ען, וואָס וועט זיין הויך ווי דער קאַווקאַזער באַרג אַראַראַט און זיין דער טורעם פון דער העכסטער געביידע אין דער גאָרער וועלט.

די סטאַטוע וועט זיין פון דעם בעסטן זשאַווערלאָזן שטאָל. זיין פונדאַמענט, ווי די דרויסנדיגע ווענט פון אַלע געביידעס פון דעם פּאַלאַץ, וועט זיין פון דעם שטאַרקסטן גראַניט און דעם שענסטן רויטן ביראָ־בידזשאַנער מאַרמאָר, — ווי דאָס וועט אויך זיין דער לענין־מאַוזאָלעי מיט׳ן באַלזאַמירטן קערפּער פון לענינ׳ען, וואָס וועט זיך געפינען אויפ׳ן מאָסקווער רויטן סקווער לעבן דער אַלטער היסטאָרישער קרעמל־וואַנט.

דער פּלאַן וועט פאַרמאָגן פינף טויזנט זאַלן און צימערן. געוויסע זאַלן וועלן קאָנען אַריינגעמען טויזנטער און צענדליגער טויזנטער מענטשן. זיי וועלן באַנוצט ווערן פאַר גראַנדיעזע ספּעקטאַקלען, אויסשטעלונגען, קאָנצערטן, קאָנגרעסן, צוזאַמענפאָרן, קאָנפערענצן און פאָלקס־פאַרזאַמלונגען און יום־טובים.

דער פּלאַץ וועט געבויט ווערן פון די בעסטע מאַטעריאַלן. ער וועט פאַרמאָגן די מאָדערנסטע איינריכטונגען און באַקוועמלעכקייטן, זיין דאָס לעצטע וואָרט פון דער טעכניק און וויסנשאַפט. ספּעציעלע וואַקואום־מאַשינעס וועלן אויטאָמאַטיש רייניגן דעם שטויב און שמוץ. קונציגע ווענטילאַציע־מאַשינעס וועלן רעגולירן די לופט אין די זאַלן און צימערן, עס זאָל דאַרטן אַלעמאָל זיין די געוווינטשטע טעמפּעראַטור, ניט צו־קאַלט און ניט צו־הייס, אָדער זיי באַזאָרגן מיט אַן אויסוואַל פון פאַרשיידענע סאָרטן לופט, פון ים, בערג, פעלדער און וועלדער און קלימאַטן.

מערקווירדיגע „שאַטלס”, „ליפטן”, פוניקולאַרן, טרעפּ־עסקאַלאַטאָרן, באַוועגלעכע פּלאַטפאָרמעס, פאַרנדיגע הענג־בריקן און פליענדיגע צוויבער־טעפּיכער וועלן שנעל אַריבערברענגען די מענטשן פון איין זאַל אין דעם צווייטן, פון איין שטאָק אויפ׳ן אַנדערן. דער פּאַלאַץ וועט קאָנען אַריינ־נעמען און איינאָרדענען צענדליגער טויזנטער מענטשן פאַראַמאָל. ער וועט זיין אַרומגערינגלט פון אַ סקווער אויף וועלכן עס וועלן זיך געפינען די מאָנומענטן פון דער מענטשהייט׳ס וועג־ווייזער, אומשטערבלעכע פאָלקס־העלדן, פון די גרעסטע שריפטשטעלער, קינסטלער און וויסנשאַפטסלייט.

און ענלעכע פּאַלאַצן וועלן שפּעטער געבויט ווערן אין יעדער שטאָט פון לאַנד.

סטאַלין האָט דעמאָלט אויך פאַרטראַכט דעם ערשטן גרויסן פינף־יאָר פּלאַן. טיף אין לאַנד, לעבן אַ באַרג, וואָס איז אינגאַנצן באַשטאַנען פון אייזן־אַרץ, האָט ער אַלס טייל פון דעם גרויסן פּלאַן אויך באַשלאָסן אויסבויען אַ ריזיגן שמעלץ־אויוון, דעם סאַמע גרעסטן אין דער גאָרער וועלט.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען אויפגעבויט דעם אויוון, אָנגע־שאָטן מיט אַרץ, און אויפגעקאָכט האָט אין אים דער ערשטער שטאָל. דעמאָלט איז געקומען סטאַלין און אַריינגעוואָרפן די אַלמעכטיגע שווערד אין צעשמאָלצענעם מעטאַל. אין דער רגע האָט אַ בלאָז געטאָן אַ שטאַר־קער ווינט. די בוימער האָבן זיך איינגעבויגן צו דער ערד. אַ שפּע־דיגער, וואַרעמער, פרוכטבאַרער רעגן האָט זיך אַראָפּגעלאָזן פון הימל. און אַ רעגנבויגן האָט זיך צעשטראַלט איבער׳ן גאַנצן לאַנד. די פאַר׳כישופ׳טע שווערד האָט זיך אויפגעלעזט אין דעם שמעלץ, און איר וואונדערלעכע אַלמעכטיגקייט האָט זיך איבערגעגעבן דעם מעטאַל, וואָס האָט זיך גע־קאָכט און נאָכאַנאַנד אַרויסגעגאָסן פון דעם אויוון.

זינט יענער צייט ווערט ניט אָפּגעקילט דער ריזיגער אויוון. אָן

איבערדייס גיסט זיך פון אים שטאָל. טויזנטער באַנען צעפירן דעם מעטאַל איבער די פאַבריקן און זאַוואָדן. אַלע געווערן, געצייגן און מאַשינעס ווערן געמאַכט אין דעם סאָוועטישן לאַנד פון דעם צויבערדיגן שטאָל. קיינער וועט קיינמאָל ניט קאָנען פאַרכאַפּן דעם וואונדער־מעטאַל, ווייל ער געהערט דעם גאַנצן פאָלק; ווייל די מענטשן, וואָס מאַכן די מאַשינעס, זיינען אַליין געוואָרן אַנגעשטאָלט, געקראָגן „הערצער פון שטאָל", ווי סטאַלין; ווייל אין יעדן סאָוועטישן מענטש געפינט זיך אַ טייל פון דער וואונדער־גבורה פון דער אַלמעכטיגער שווערד . . .




פאַרקלענערט בילד פון דער הילע פון דעם פריערדיגן בוך

# מאָטל פּייסי'ס און טאָם סאָיער

אמאָל איז געווען...

---

פּייפּלעך, פּייקלעך און טרומייטן פון פּיאָנערן־ אָרקעסטערס האָבן אָנגעזאָגט דעם אָנהויב פון גרויסן קינדער יום־טוב אין כאַרקאָוו.

פינף טויזנט יונגע פּאָנען־טרעגער אין צוויי שערענגעס, איינע געגנ־איבער דער צווייטער, האָבן צוזאַמענגעשטעלט אַן אַלייע פון פּאָנען. דער גאַנצער וועג איז געווען איינגעטונקט אין בלומען פון די פאַרשיידנאַרטיג־סטע קאָלירן. אויף דער פּאָנען־אַלייע האָבן מאַרשירט די דעלעגאַציעס צו דער דערעפענונג פון דעם פּאַלאַץ פאַר פּיאָנערן און אָקטיאַבערלעך.

צוויי טויזנט יונגע זינגער, אויסגעשטעלט אין אַ האַלבן קרייז אַרום דעם מיט בלומען־קרענץ און טראַנספּאַראַנטן־באַהאָנגענעם קינדער־פּאַלאַץ, האָבן אויפגענומען און באַגריסט מיט פּיאָנערן־לידער די הונדערטער דעלעגאַטן פון אַלע עקן לאַנד און וועלט.

צענדליגער פירער פון דער רעגירונג, פּאַרטיי און „קאָמיוג" האָבן פון טריבונעס אויף אַלע סקווערן פון דער שטאָט גלייכצייטיג געהאַלטן רעדעס וועגן דעם גרויסן טאָג און יום טוב.

אין אַלע גאַסן האָט זיך געטאָן און גערודערט, מענטשן אין די צענד־ליגער טויזנטער, קאָפּ אויף קאָפּ. אומעטום זעט מען קאָלאָנעס מאַניפעס־טאַנטן, יונג און אַלט, טאַטעס, מאַמעס און קינדער. אומעטום הערט מען געזאַנג און דאָס שפּילן פון אָרקעסטערס, אומעטום פּאָנען און בלומען, פּאַראַד און פרייד.

צום גרויסן קינדער־יום טוב זיינען איינגעלאַדן געוואָרן געסט פון אויסלאַנד. פון אַ סך לענדער זיינען געקומען פאָרשטייער פון יוגנט און קינדער. די דעלעגאַטן פון אַמעריקע זיינען געווען זייער אָנגעלייגט. די סאָוועטישע מענטשן האָבן אַ באַזונדערס גוטע באַציאונג צו אַמערי־קאַנער, פאַראַן אַסך ענלעכקייטן און געמיינזאַמקייטן צווישן ביידע לענדער.

## מאָטל, טאָם און האָק

מ אָ ט ל פּייסי דעם חזנ'ס, ט אָ ם ס אָ י ע ר און ה אָ ק ל ב ע ר י פ י ן האָבן צוזאַמענגעשטעלט די אַמעריקאַנער דעלעגאַציע

מאָטל איז דאָך אַליין געבוירן געוואָרן אויף אוקראַינע, נאָר שפּעטער עמיגרירט קיין אַמעריקע. ער האָט זיך דעריבער דאָ דערפילט היימיש, ווי

א פיש אין וואסער, ווי ביים טאטן אין ווייגגאַרטן. ער האָט ניט נאָר גע־רעדט אידיש און ענגליש, נאָר האָט נאָך אַביסל גערעדט אוקראַיניש און רוסיש.

מאָטל איז זייער פאַרטאַראַמט, פלינק און רירעוודיג, נאָך זשוואַווער פון די אַנדערע אַמעריקאַנער. טראָגט דאָס קאַשקעטל אַביסל אויף א זייט. גיט לייכט אָנגעטאָן — די כאַרקאַווער געפעלט אַמבעסטן זיין סוועטער, דער עיקר דער „זיפּער", קוקט אויס ווי א „ניוס־באַי", א צייטונגס־פאַר־קויפער. ער האָט טאַקע אין אַמעריקע אַרויסגעהאָלפן זיין ברודער אליהו (עליע) צעטראָגן און פאַרקויפן צייטונגען.

טאָם סאָיער האָט גראָד אויסגעקוקט מער דזשענטלמעניש און סטאַ־טעטשנער פון די אַנדערע, כאָטש ער איז אויך געווען ווי אַלעמאָל פאַר'־חוש'ט און אומרואיג. געווען נעט אָנגעטאָן, פאַרקעמט מיט א שרינט, געטראָגן אויסגעפרעסטע הויזן, א פיינעם שניפס, אויסגעפוצטע שיך און א מאַנטל, וואָס איז געווען א קאָמבינאַציע פון צוויי מאַנטלען אין איינעם, וואָס הייסט אויף ענגליש א „ריוואַווירסיבל" — דאַרף מען איז ער א רעגן־מאַנטל, און אַז מען וויל „קערט מען איבער דעם פעלץ" און ער ווערט א פרילינג צי האַרבסט־מאַנטל . . .

האַקלבערי פין, וואָס האָט ניט געוואָלט ווערן לייטיש אפילו, ווען די אַלמנה דאָגלעס האָט אים געוואָלט געבן פון כל טוב, אויספּוצן אין עסיג און האָניג, האָט אויך אין כאַרקאָוו אויסגעקוקט ווי א טרעמפּ. זיינע בגדים זיינען געווען צעקנייטשט, די שיך ניט געפוצט, די האָר צעשויבערט. און געטראָגן האָט ער א הוט פון א קאָובאָי, מעקסיקאַנער צי אינדיאַנער, און פון מויל ניט אַרויסגעלאָזט זיין באַליבטע ליולקע.

טאָם האָט זיך געפילט אומבאַקוועם פון האַק'ס הילוך און צו אים געזאָגט:

— וואָלסט כאָטש זיך פאַרקעמט די האָר, האַק! קוקסט דאָך אויס ווי א בויערי־באָם!

האַק האָט זיך פאַררויטלט. ער איז געווען איבערראַשט, פאַרווירט, און זאָגט, ווי זיך פאַרענטפערנדיג צו טאָם:

— אַז ווער זאָל זיך ריכטן דאָ צו געפינען אַזעלכע מחיה'דיגע, ריין־פאַרפוצטע פּיאָנערלעך, מיט די ווייסע בלוזעס און רויטע האַלזטיכער. זיי קוקן אויס בורזשואזנע. עפּעס גלויבט זיך גאָרניט, אַז דאָס זיינען קינדער פון אַרבעטער און פויערים . . .

און מאָטל פּייסי'ס גיט א שושקע די אַנדערע צוויי, טאָם און האַק:

— א שאָד, וואָס מיר האָבן ניט מיטגעבראַכט אונזער דזשימי (א נעגער־אינגל). ער האָט ליב קאָלירפולע זאַכן, און באַזונדערס אַלץ, וואָס איז רויט. ער וואָלט זיך דאָ אויך געפילט מיטן לייטן גלייך. די פּיאָנערן מאַכן ניט קיין אונטערשייד צווישן איד און קריסט, ווייס און שוואַרץ, ברוין און געל. מ'איז אינטערנאַציאָנאַל.

## שלום־עליכמ׳ס ענגליש

די כארקאווער פיאנערן־קינדער האבן ארומגערינגלט די אמעריקאנער געסט, זיי פארוואָרפן מיט פראגעס וועגן קאלומבוס׳עס מדינה. די פיאנערן האבן געלערנט און זייער געניי געוואוסט און געדענקט די לעבנס־געשיכטע פון יעדן פון די אמעריקאנער דעלעגאטן. די אידישע פיאנערן האבן מיט מאטל׳ען גערעדט אויף מאמע־לשון. זיי האבן געלייענט ביי שלום־עליכם וועגן מאטל פייסי׳ס, און ביי מארק טווען, דער אמעריקאנער שלום־עליכם, וועגן טאם סאיער און האקלבערי פין. אין געשפרעך האבן זיי באנוצט א סך ענגלישע ווערטער, וואס זיי האבן זיך אויסגעלערנט פון בוך „מאטל פייסי׳ס אין אמעריקע", ווי „עלים איילאנד" („ווייל דאס שטיקל לאנד האט אמאל געהערט צו איינעם עלי, איז ער געווען א נאר ביז דער סטעלי"), „דזשאב", „שאפ", וואטש", „פאטעיטאס", „טשיקען", „קיטשן", „שוגער", „מיסטער", „בריטש", „עלעוועיטאר" („א לאנגער שמאלער בריק אויף צו דער׳הרג׳עט ווערן"), „צאבהעי" („איר לאזט זיך אראפ דורך טרעפ, ווי אין א קעלער אריין, און איר לויפט אונטער דער ערד מיט אזא אימפעט, אז עס שווינדלט אייך אין די אויגן"), „הענגען אויפ׳ן סטראפ", „וואקן", „קערעדזשעס", „סקייטס", „בעד־רום", „דיינינג־רום", „באס", „רעיז", „גראסערי", „סטאר", „קאסטאמער", „באי", „פעדלען", „פייפערס", „סטעמפס", „טיפ", „מואווי", „באל", „אייז־קרים", „ספון", „דישעס" („אמעריקע איז א לאנד, סטייק איז א מאכל, פארק איז א גאפל און ענגליש איז א שפראך"), „אפרייטער", „רעווערענטן" (אמעריקאנער רבנים, „וואס אין דער היים זיינען זיי געווען קצבים"), „העלאו", „האו דו יו דו?", „פאנטשן די קלאק", „פארמאן", „אווערטאים", „יוניאן", „סקעב", „פיר־קעט", „שאראפ" („אראפ פון מארק"), „ספיקער", „גענגסטער" („ערגער פון א גנב און גזלן"), „טיטשער", „בלאפער", „מעטשעס", „בארבער", „אלרייטניק", „ביזי", „אינשורענס", „לעפסעס", „סמוקן", „ניקל", „ביז־נעס", „טיקעטס", „בארדער", „מופן", רענט" און אנד.

די פיאנערן האבן דערמאנט א סך קאמישע און טראגישע זאכן, וואס זיי ווייסן וועגן דעם לעבן פון די אמעריקאנער יאטן, פון דער אמעריקאנער „טראיקע".

זיי האבן דערמאנט און הארציג געלאכט פון די אוואנטורעס פון מאטל׳ס קעלבל „מעני"... ווי אזוי מ׳האט געפאקט מאטל׳ען ליגן אויף א בוידעם און רייסן מיט א שטעקן עפל פון מנשה׳כע דער רופא׳טע׳ס גארטן. ס׳איז, אמת, ניט געווען קיין פשוט׳ער גארטן, נאר אן אמת׳ער גן־עדן פול מיט עפל, בארן, וויינשל, פלוימען, קארשן, אגרעסן, ווייפער־לעך, פערשקעס, שפאנקעס, מארעלן, מאלינעס אזשעניצעס, שאלקאוויצעס, סאנישניקעס און אפילו וויינטרויבן...

דערמאנט די מעשה, ווי מאטל האט זיך געדרייט אויפן פערד־מארק צווישן ציגיינער און געלאפן מיט אלע פערד... די תלמוד־תורה, וואו

אַנשטאָט לערנען האָט ער גאָר געהאָלפן דער רבי'צין אויסקערן די שטוב, אַריינטראָגן האָלץ, גיין אַ גאַנג — און זיך געשפּילט מיט דער קאַץ און שלאָפן געדאַרפט גיין צום אַלטן, פון זינען געריירטן, לוריע... און ווי מאָטל האָט געזאָגט: „לערנען לערן איך אויפן שפּיץ־מעסער, נאָר פּעטש כאַפּ איך אָן אַ שיעור פון דער רבי'צין פאַר האָדעווען די קאַץ".

### קוואַס, טינט, „טשעמעריצי"

דערמאָנט דעם סטרייק פון די בעקערס... ווי מאָטל האָט גענומען אָן אייער־בייגל ביי חנא דעם בייגל־בעקער, וואָס האָט אים דערפאַר אָנגע־נומען פאַרן קאָלנער, אַרויסגעוואָרפן אויף יענער זייט טיר און נאָך גע־געבן דריי גוטע סטוסאַקעס פון הינטן! און ווי אַזוי ער האָט געהאָלפן פאַרקויפן זיין ברודער אליהו'ס (עליעס) קוואַס און געזונגען:

אידן, אַ געטראַנק,
אַ קאָפּיקע אַ גלאָז!
קאַלט און זיס —
אַ דערקוויקעניש!..

זיסער קוואַס אַ גלאָז!
אַ קאָפּיקע אַ איד!
אַ קוויק און אַ קאַלט!
אַ דערטרינקעניש!..

אידן, אַ געטראַנק!
טעם גן־עדן!
אַזאַ יאָר אויף מיר,
אויף אייך און אויף אונזביידן! ——

און איז דערפאַר שיר ניט אַריינגעפאַלן אין פּאָליציע...



קינדער־פּאַלאַץ אין כאַרקאָוו

זיך דערמאָנט ווי אַזוי מאָטל האָט נאָכדעם געהאָלפֿן זיין ברודער פריער מאַכן און שפּעטער אויספּליוכען טינט און דערביי — איינעם אָפּגעשפּריצט די גאַנצע וואַנט מיט טינט, דעם אַנדערן אָפּגעגאָסן אַ נייעם פּאַרקאַן, צוויי ווייסע ציגן פאַרשוואַרצט ניט צו דערקענען, דעם שוחט'ס נייע ווייסע זאָקן פאַרשוואַרצט, געמאַכט אַ שוואַרצן ים פון טייכל און די וועשערינס האָבן ניט געהאַט וואו צו וואַשן גרעט, די באַלעגאָלעס וואו אָנצוטרינקען די פערד, און די וואַסער־פירער...

דערנאָך איז געקומען די סדרה מייז — אַרויסטרייבן מייז... מאָטל האָט זיך אָוועקגעזעצט אויפן זאַק מיט די „שעמעריצי״־ (טערקישער פעפער) פּראָשקעס און אַזויפיל געגאָסן ביז די גאַנצע גאַס האָט זיך צענאָסן, און מאָטל און עליע האָבן געמוזט מאַכן פּליטה צום ברודער'ס חבר פּיני, דער גראַמען־פלעכטער...

די פּיאָנערן האָבן זיך דערמאָנט די קלעפּ, וואָס מאָטל האָט אַריינגעכאַפּט פאַר מאָלן „מענטשעלעך״ און קנעטן... און בויכריידעריי... זיינע קאַמפּן מיט יאָסי דעם נגיד'ס אינגל און העניך מיט'ן אויגל . . . זיין ליבע פאַר אַלטע'ן מיט די „צוויי צעפּעלעך צונויפגעדרייט פון אונטן ווי אַ בייגל״, און... גאָלדעלע'ן מיט די „טראַכאָמע אויגן״ פון אַנטווערפּן... זיין טשיקאַווע רייזן קיין אַמעריקע, גנב'ענען דעם גרענעץ, און בראָד, לעמבערג, ווין, די וואַנדער פון אַנטווערפּן און לאָנדאָן, און... די וואַונדיירים פון אַמעריקע — קאָלומבוס'עס מדינה — אין געפּענגעניש אויף „קעסטל־גאַרטל״ (עלים איילאַנד), יום־כפּור אויף דער „פּרינצאַלבערט״, „קריעת ים־סוף״, אַ ים מיט טרערן... „הכנסת אורחים״, אין ניו יאָרק אויף דער סטריט, די כאָליאַסטרע אויף דער אַרבעט, די מעשה „שאָפּ״, דער סטרייק, די ניו יאָרקער „כתר'ילעווקע״, אליהו'ס געשעפטן — פאַרקויפן „קישקעלעך״, „קאָלעקטן אינשורענס״, מאַכן „סיראָפּ״, „סיידער״, „אייז־קרים״, „דעליווערן פּייפּערס״, דער „סטענד״, די „קענדי־סטאָר״, פאַבריצירן פּסח'דיגן ווין — היינט די „מופּעניש״... א. אז. וו., א. אז. וו., א. אז. וו.

## אַמעריקאַנער „מנחם מענדלס״

די פּיאָנערן האָבן דערמאָנט און האַרציק געלאַכט פון טאָם סאָיער'ס שפּיצלעך צו זיין מומע פּאָלי, צו זיין ברודער סיד, צו מערי, צו זיין נעגערשען חבר דזשים, און באַזונדערס זיינע אַוואַנטורעס מיט האָקלבערי פין, „וואָס איז געווען דער ערשטער צו גיין באָרוועס אין פרילינג און דער לעצטער אָנצוטאָן לעדער אין האַרבסט״... דערמאָנט ווי אַזוי טאָם פלעגט קונציק גנב'ענען צוקער פון טיש, און ווי אַזוי זיין מומע פּאָלי האָט אים איינמאָל געפּאַקט אין אַלמער עסן די איינגעמאַכטס.

טאָם האָט זיך געריוועלט, ווען זיי האָבן אים דערמאָנט די פּאַרקאַן־געשיכטע: די מומע פּאָלי האָט אים געהייסן אָפּקאַלכן אַ וואַנט. דאָס איז געווען אַ ברעטער־פּאַרקאַן פון 30 יאַרד די ברייט און ניין פוס די

הויך. דורך כיטרע גענג האָט טאָם אַזוי געמאַכט, אַז ניט נאָר האָבן די אַנדערע אינגלעך, ווי בען ראַדזשערס, דזשים, א. אַז. וו. פּאַר אים אָפּגעטאָן די גאַנצע אַרבעט פון קאַלכן די וואַנט, נאָר זיי האָבן אים נאָך צוגעצאָלט פאַר דעם (דאָס זעלבע האָט ער געטאָן מיטן צעזונגען דאָס האָלץ.. דזשאָני מילער האָט אים דערפאַר צוגעצאָלט אַ טויטע מויז. טאָם האָט צוזאַמען מיט האָקלבערי פין׳ען אויך געהאַנדלט און זיך אַרומגעשפּילט מיט טויטע קעץ.)

— ס׳איז אמת׳ע עקספּלואַטאַציע, — האָבן די פּיאָנערן געזאָגט און אויף אַן איידעלן אופן געטאַדלט טאָמ׳ען פאַר זיין אויסנוצן די אַנדערע אינגלעך צו אָפּקאַלכן דעם פּאַרקאַן. זיי האָבן אָבער זיך שטאַרק גערעכנט מיט דעם פּאַקט, וואָס טאָם איז געווען אַ יתום, ווי מאָטל, „בעזפּריזאָרני" האָבן זיי אים גערופן.

זיי האָבן זיך דערמאָנט טאָמ׳ס געשלעג מיטן רייכן אינגל, וואָס איז געווען ענלעך אויף מאָטל׳ס געשלעג מיט יאָסי דעם נגיד׳ס אינגל... טאָמ׳ס קינדער־מלחמות צוזאַמען מיט זיין חבר און אָנפירער פון דער גענגנערישער קינדער־אַרמיי דזשאָ האַרפּער... טאָמ׳ס געליבטע מיידעלעך עימי לאָורענ׳ס און בעקי טעטשער, וואָס האָבן אויך געהאַט „צוויי לאַנגע צעפּלעך" ווי מאָטל׳ס געליבטע. דערמאָנט טאָמ׳ס צרות אין זיין סאַנדעי־ און בײַבל־סקול, וואָס זיינען געווען ענלעך אויף מאָטל׳ס צרות אין דער תלמוד־תורה. און ווי מאָטל האָט אויך טאָם געהאָדעוועט אַ קאַץ, „פּיטער" האָט זי געהייסן. טאָם האָט פון זיינע לערער אויך געקראָגן שמיץ, אָפּט פאַר פרעמדע זינד, ווי דער פאַל, ווען ער האָט געוואָלט שאַנעווען בעקי...

זיי האָבן זיך דערמאָנט די פּאַסירונג אויפן אינזל, ווען טאָם האָט צוזאַמען מיט האָק׳ן געפּראַוועט צוזאַמענשטעלן אַ גענג פּיראַטן און רויבער; אויף דער סעמעטערי, וואו טאָם און האָק האָבן צוגעזען, ווי דער אינדיאַנער דזשאָ האָט געטויט דעם דר. ראָבינסאָן; אין דער הייל, וואו טאָם און בעקי האָבן זיך פאַרבלאָנדזשעט און שיר ניט אומגעקומען; און — ווי אַזוי טאָם און האָק האָבן געזוכט און טאַקע איינמאָל געפונען אַן „אוצר", א. אַז. וו., א. אַז. וו., א. אַז. וו.

די יונגע אַמעריקאַנער „מנחם־מענדלס" אָדער „ראָמאַנטיקער", ווי מאַרק טוועין האָט זיי גערופן, וואָס האָבן זיך געשפּילט אין רויבער, גענגסטער און פּיראַטן, געזוכט גליק בײַנאַכט אויף בית־עלמינ׳ס מיט דער הילף פון טויטע קעץ, זיך אַרומגעטראָגן מיט טויטע מייז אין די קעשענעס און זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו געפינען גראַשנדיגע אוצרות — די אַמעריקאַנער ראָמאַנטיקער האָבן אין כאַרקאָוו דערזען אַ נייעם סאָרט ראָמאַנטיקער, רעוואָלוציאָנערע, סאָציאַליסטישע, סאָוועטישע ראָמאַנטיקער.

## סאָוועטישע ראָמאַנטיקער

די סאָוועטישע ראָמאַנטיקער, מיט רויטע האַלזטיכער, האָבן זיך געשפּילט אין... ספּאַרטאַקאָווצעס, קאָמונאַרן, רויט־אַרמייער, פּאַרטיזאַנען,

טשעליוסקינצעס, סטאַכאַנאָווצעס; געטרוימט וועגן פּלי־רייזעס אין דער סטראַטאָספער, אין די רוימען צווישן די פּלאַנעטן; געוואָלט דערגרונ־טעווען און געפינען די אוצרות, וואָס אויפ'ן דעק פון אָקעאַן; געזוכט מיטלען ווי אַזוי צו באַזיגן די קריעס, אייז־פעלדער, אייז־בערג פון דעם אַרקטישן ים, פון נאָרד־פּאָל; געשטרעבט צו דערגיין די סודות אָדער געזעצן פון לעבן און פון קאַמף.

און די הויפּט־זאַך: די סאָוועטישע פּיאָנערן באַנוגענען זיך ניט מיט שפּילן און מיט טרוימען, נאָר שרייבן זיך דורך מיט די קינדער פון אַנ־דערע לענדער, דערלערנען אויסלענדישע שפּראַכן, בויען מאָדעלן פון עראָ־פּלאַנען, גלאַידערס, לאָקאָמאָטיוון, אויטאָמאָבילן, שיפן, לערנען זיך צו זיין פּליער, ים־טויכער, ראַדיאָ־מעכאַניקער, דערפינדער, קינסטלער, שריי־בער, פאָרשער און אַנטדעקער פון נייע קרעפטן, פון ווייטע, אומבאַקאַנטע לענדער, פון נייע האָריזאָנטן, צו זיין בויער פון אַ נייער מענטשלעכער צוקונפט.

מאָטל, טאָם און האָס האָבן זיך געפילט זייער היימיש צווישן די קינ־דער פון דעם סאָציאַליסטישן לאַנד, דערפילט אין זיי אויפריכטיגע פריינט און ברידער. און די סאָוועטישע קינדער איז שטאַרק געפעלן, געווען זייער נאָענט צום האַרצן דער רעוואָלטירנדיגער גייסט, די פאַרשייטע גענג, דער מוט, די אָפנהאַרציגקייט, געוואַגטקייט, פאַנטאַזיע, שוואונג, דערפינדעריש־קייט און דעמאָקראַטישע האַלטונג פון די אַמעריקאַנער.

די כאַרקאָווער קינדער האָבן אַריינגעפירט די אַמעריקאַנער געסט אין דעם נייעם פּאַלאַץ פאַר פּיאָנערן און אָקטיאַבערלעך. אַלע — יעדער מאַן, פרוי און קינד פון כאַרקאָוו, — האָבן געהאָלפן בויען דעם פּאַלאַץ. אפילו זיינע 120 זאַלן האָבן ניט געקאָנט אַריינעמען אַלע זאַכן, וואָס די זאַוואָדן,



קינדער־פּאַלאַץ אין קיעוו

פאבריקן, אנשטאלטן, אָרגאַניזאַציעס פון כאַרקאָוו, פון גאַנץ אוקראַינע און פון גאַנצן לאַנד האָבן אָנגעבאָטן פאַרן פּאַלאַץ.

די געסט באַזוכן דעם עלעקטראָ־טעכנישן אָפּטייל: אין איין צימער א לאַבאָראַטאָריע פאַר מאָטאָרן, אין א צווייטן — אַן אויטאָ־וועלאָ לאַבאָראַטאָריע, אין א דריטן — אַן עלעקטראָ־סטאַנציע, אין א פערטן — א לאַבאָראַטאָריע פון אוויאָ־הידראָ טראַנספּאָרט, צימערן־לאַבאָראַטאָריעס פאַר אייזנבאַנען, טראַמווייען, טעלעפאָן, טעלעגראַף, ראַדיאָ א. א.

די אַמעריקאַנער יאַטן האָבן זיך באַזונדערס פאַראינטערעסירט אין א מאָדנער ריזיגער לאַבאָראַטאָריע — אַן אַעראָדינאַמישער ווינט־טונעל אויסצופּרובירן די עראָפּלאַן־מאָדעלן, ווי מען טוט עס מיט אמת׳ע נייע עראָפּלאַן־קאָנסטרוקציעס.

אָט זיינען זיי אין דער אָפּטיילונג פאַר מוזיק און טעאַטער. א סך זאַלן־סטודיעס, א סטודיע פאַר ריטם, א סטודיע פאַר פּלאַסטיק, סטודיעס פאַר גרים, אַקראָבאַטיק, דעקאָראַציעס, באַלעט, פאָלקס־טענץ, דזשאַז, אָרקעסטראַציע, מאַריאָנעטן, דראַמאַטישע ליטעראַטור, א. א.

און אַזוי האָבן די אַמעריקאַנער יונגען געשפּאַצירט פון איין אָפּטייל אין דעם אַנדערן, פון איין זאַל אין דעם צווייטן, פון איין סטודיע אין דער ווייטערדיגער, פון איין שטאָק אויפן העכערן. זיי האָבן נאָך באַזוכט די לאַנדווירטשאַפטלעכע אויסשטעלונג, די מיטשורין־לאַבאָראַטאָריע, דעם אַסטראָנאָמישן קאַבינעט, דעם אינקובאַטאָר, דעם מעטעאָראָלאָגישן פּונקט, דעם באָטאַנישן גאָרטן, די אַלפּיניסטישע סטאַנציע, דעם אַקוואַריום, די באַזע פאַר ליזשעס (סקים), די פיזקולטור־אווידיטאָריעס (דזשימס), די שאַך־מאַט־און אַנדערע שפּיל־צימערן, די קאָנצערט־זאַלן ,דעם קינדער־סטאַדיאָן (סטאַדיום), די קינדער־ביבליאָטעק, די קינדער־דרוקעריי, דעם קינדער־טעאַטער, א. אַז. וו., א. אַז. וו.

צענדליגער פון די בעסטע אַרכיטעקטן, מאָלער און סקולפּטאָרן האָבן געפורעמט און דעקאָרירט דעם פּאַלאַץ. ער איז געווען פול מיט וואַנט־מאַלערייען, קונסט־בילדער און סקולפּטורן. אומעטום פאַרשיידענע פּלאַקאַטן און לאָזונגען, געשריבן אין דעם מאָרז־אַלפאַבעט, רעבוסן, פאָנען און פענד־לעך פון צווישן־פעלקערלעכן קאָדעקס, אינטערנאַציאָנאַלע ים־סיגנאַלן, פייער־און שפּיגל־סיגנאַלן.

אין איין געביידע זיינען 2,500 קינדער געווען באַשעפטיגט אין 209 קרייזלעך איבער 69 פאַרשיידענע פּראָיעקטן. אַזאַ זאַך איז נאָך ניט געהערט געוואָרן.

די אַמעריקאַנער געסט זיינען געווען פאַרגאַפט, פאַרטשמעליעט. זיי האָבן דורכגעשפּאַצירט א מערקווירדיגע שטאָט, א גאַנצע קינדער־וועלט, א וועלט פון דער צוקונפט... דורכגעמאַכט א רייזע אין דער צוקונפט!

## רעגנבויגנס איבער קיעוו

אָבער דאָס איז נאָך ניט געווען דער סוף. די קיעווער פּיאָנערן־דעלע־

גאציע האט פאהבעטן די אמעריקאנצעס צו באזוכן דעם פאלאץ פאר פיאָ־נערן און אקטיאבערלעך אין דער הויפט־שטאט פון אוקראינע.

— דערווייל איז נאך ביי אונז א סך א קלענערער פאלאץ: אינגאנצן א פאר צענדליג צימערן. דערפאר איז ביי אונז פאראן איינער פון די שענ־סטע קאנצערט־זאלן אין דער וועלט, דער צווייטער אין סאוועטן־פארבאנד. דערפאר איז ביי אונז פאראן א ווינטערדיגער קינדער־סטאדיאן ביים פאלאץ און א גרויסער פארק, דער „פראלעטארסקי סאד", אויף איינעם פון די סאמע העכסטע בערג איבערן דניעפער. קומט צו אונז ווינטער זיך גליטשן אויף איינעם פון די פיינסטע „סקעיטינג"־פלעצער אין אונזער לאנד!

איז ווער קאן אפזאגן אזא הארציגע איינלאדונג? ווער וויל דורכלאזן אזא געלעגנהייט, אזעלכע וואונדער איבער וואונדער פון קיעוו, וואס ביים דניעפער?

און אט טרעפן מיר די כאליאסטרע, די אמעריקאנער „טראיקע" אין דעם קיעווער קינדער־פאלאץ. זיי באזוכן די צימערן, זאלן, סטודיעס, לאָ־באראטאריעס. און ווידער זיינען זיי איבערראשט. באזונדערס קאנען זיי זיך גוט ניט אפוואונדערן פון דעם קינדער־סטאדיום און קינדער־פארק.

ס'איז א רו־טאג. צווישן בוימער־אלייען האט זיך געצויגן א לאנגער אייז־וועג. ניט נאר פון אויבן ארונטער, נאר ביי ביידע זייטן פון דעם וועג האבן אויך פון אונטערן אייז ארויסגעלויכטן עלעקטרישע פילפארביגע לאמפן אין דער שטילער אוקראינישער נאכט.

אויף דער בינע פון דעם סטאדיום אין פארק, פונקט אנטקעגן דעם קינדער־פאלאץ, האט זיך געפונען א פאנאראמע פון די טשעליוסקינצעס. איר האט געזען א הינטערגרונט פון שניי־פעלדער, אייז־קריעס און פאלארע ווייסע בערן. פון ווייטנס האט זיך געזען די שיף „טשעליוסקין" און ניט ווייט פון דער שיף דער לאגער, ביידלעך און די טשעליוסקינצעס, אנגעטאן אין פעלצן און וואליקעס. עס האט זיך אויסגעטיילט די מאנומענטאלע פיגור פון דעם פירער פון דער טשעליוסקין־עקספעדיציע, פראפעסאר אטא שמידט, מיט זיין פוטערנעם שטריימל און לאנגער פאטריארכאלער בארד, וואס האבן אים צוגעגעבן אן אויסזען פון אמעריקאנער „סאנטא קלאוז" אדער פון רוסישן „זיידע פראסט".

אויף דער בינע שפילט אן ארקעסטער. אין און ארום פארק — א סך קינדערשע שפיל־פלעצער. קינדער טאנצן און גליטשן זיך צום ריטם פון דער מוזיק. פון בערגלעך לאזן זיך אראפ קליינווארג אויף שליטעלעך מיט גרויס געפילדער און פריידיגע אויסגעשרייען. פון העכערע בערגלעך לאזן זיך אראפ עלטערע קינדער.

אויף אנדערע שפיל־פלעצער איבערן סאמע דניעפער דרייען זיך קאַ־רוסעליעס פון 12 שליטנס איינגעשפאנט אין פאלארע, ווינטער־חיות. אביסל ווייטער דעמאנסטרירט מען גליטש־טענץ און פיגורן־טענץ, מ'שפילט זיך אין האקי און אנדערע ווינטער־שפילן.

מאַמל, טאַם און האַק האָבן אין יענעם טאָג געזען דאָרט זיך שפּילן טויזנטער קינדער פון דער וואונדערלעכער אוקראַינישער הויפּט־שטאָט.

:: :: ::

די אַמעריקאַנער געסט האָבן געפּרואווט פאַרגלייכן זייער קינדהייט מיטן לעבן פון די סאָוועטישע קינדער. אַזעלכע קינדער־פּאַלאַצן האָבן זיי אפילו אין חלום ניט געזען. זיי האָבן ניט געוואוסט פון אַזעלכע אינטערעסאַנטע שפּילן און פאַרוויילונגען. זיי האָבן זיך געשפּילט אין רויבער און פּיראַטן, מיט לעבעדיגע און טויטע קעץ, מיט גע׳פּגר׳טע מייז אויף אַ „סעמעטערי״...

און טאָם סאָיער האָט טרויעריג אַ זאָג געטאָן צו האַק׳ן און מאַטל׳ען:

— אַ שאָד, וואָס מיר זיינען צו־פרי געבוירן געוואָרן, זיך צוגעאיילט אויף אַ האַלבן יאָרהונדערט...

:: :: ::

אַמאָל איז געווען...

און אויב ניט נאָך שענער, בעסער וועט זיין...

7טער נאָוועמבער, 1943.



דעם אויטאָר׳ס פרוי פּרענסים, מלכה ראַזאָווסקי און איר זון סאַנקע אין אַ וואַלד לעבן מאָסקווע.

# אין טעג פון פראָסטן וואונדער

אין טעג פון פראָסטן וואונדער,
אין יעדער שפּאַן אויף אונזער גרויסער ערד —
נאָר מיר, נאָר אונז, נאָר באָרוועס־גרויע קינדער
דאָס נעכטיגע צעשיסן איז באַשערט.

אזוי האָט געזונגען איציק פעפער, דער דיכטער פון „פראָסטע רייד און „פראָסטן וואונדער" מיט א 19—20 יאָר צוריק וועגן די „יאַטן", די הייסע קאָמסאָמאָלצעס" מיט „יונגע זינגענדיגע טריט", ווי די „בלאָנדע קאָמסאָמאָלקעס פון דערפל און פון שטעטל, פון נאַקעט און פון חורבות", וואָס זיינען אין דער צייט פון בירגער־קריג אוועק „צעשיסן דאָס נעכטיגע", קעמפן פאַר דער נייער אָרדענונג, פאַר א בעסערער וועלט, פאַר סאָציאַליזם.

איצט האָבן מיר ווידער טעג פון פראָסטן וואונדער, — פון די בלוטיגסטע שלאַכטן און שחיטות, און פון די וואונדערלעכסטע העלדישקייטן, פון די וואונדערלעכסטע האָפענונגען אויף א בעסערער וועלט נאָך דער מלחמה. און ווידער איז „באַשערט", אז טראָגן דעם הויפּט־לאַסט פון דער איצטיגער מלחמה פאַר „צעשיסן דאָס נעכטיגע", דעם רעאַקציאָנערסטן אָפּפאַל פון דער מענטשהייט, די פאַשיסטישע פעסט, זאָלן זיין די רויט־אַרמייאישע „יאַטן", די סאָוועטישע פעלקער. און צווישן זיי די סאָוועטישע אידן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַזעלכע שטאָלצע, שבת־יום טוב׳דיגע „גאָלדענע קייט" אידן, אַזעלכע מאָדערנע בר־כוכבא׳ס, וואָס קאָנען שרייען אפילו אונטערן שווערד: „איך בין א איד!".

פון אונטער שווערד האָב איך געשריען:
איך בין אַ איד!

דערקלערט איציק פעפער אין איינס פון זיינע לעצטע לידער. פאַר דעם מוז מען פאַרמאָגן אין זיך גאָר־גאָר א סך נאַציאָנאַלן שטאָלץ און גאָר־גאָר א סך ליבע פאַרן אידישן פאָלק, וואָס זאָל בוכשטעבלעך זיין שטאַרקער פאַרן טויט.

אין טעג פון פראָסטן וואונדער...

א גרויסער וואונדער — און גאָר ניט קיין פראָסטער —— איז דאָס קומען פון דער דעלעגאַציע פון דעם סאָוועטישן אידנטום קיין אַמעריקע. און א גרויסער וואונדער איז דער פאַקט, וואָס איינער פון דער דעלעגאַציע

איז דער גרויסער וואונדערלעכער דיכטער  א י צ י ק  פ ע פ ע ר , ווי עס איז גרוים און וואונדערלעך אויף זיין געביט דער פאָלקס־קינסטלער און פּראָפעסאָר  ש.  מ י כ אָ ע ל ס,  דער צווייטער מיטגליד פון דער דעלעגאציע, וועגן וועלכן עס ווערט באזונדער געשריבן.

זייער קומען וועט זיכער זיין פון גרויסער באמת היסטאָרישער באדייטונג. עס וועט זיך אָנהויבן אַ נייער קאַפּיטל אין דער באוועגונג פאַר אייניגקייט צווישן די אידן אין אמעריקע מיט די אידן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד.

די אידישע מאסן אין אמעריקע זיינען מיט טויזנטער פעדים אַלעמאָל געווען געגנזייטיג פארבונדן מיט די אידן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. זיי האָבן שוין באלד צוויי יאָר געווייטאָגט ביז בלוט צוזאמען מיט די סאָוועטישע אידן, ווען אַ שטאָט, שטעטל און דאָרף איז אָקופּירט געוואָרן פון דעם מענטשן־פרעסערישן שונא. און זיי האָבן זיך געפרייט ביז טרערן פון יעדן סאָוועטישן זיג, ווען אַ שטאָט, שטעטל און דאָרף איז צוריק אָפּגענומען געוואָרן. מיט דער גרעסטער ליבשאפט, הארציגקייט און נאָענטקייט האָבן זיי געטראַכט איינס פון ס׳אנדערע.

איצט וועלן די אידישע מאסן אין אמעריקע קאָנען ארויסווייזן זייער גאנצע אָנגעזאמעלטע ליבשאפט, געטריישאפט און בענקשאפט צו און דורך די לעבעדיגע פאָרשטייער פון די אידן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, צו



**איציק פעפער**

און דורך די שענסטע און בעסטע זין פון דעם אידישן פאָלק אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, די גרויסע אינזשענערן פון מענטשלעכע נשמות.

אין טעג פון פראָסטן וואונדער . . .

אפשר ווייסט איר דאָס ניט, נאָר איציק פעפער איז שוין אַמאָל געפאָרן קיין אַמעריקע. „איך פאָר קיין ניו יאָרק!" האָט געהייסן זיינס אַ פּאָעמע. אָבער דאָס איז געווען אין די צייטן פון הואווער'ן. ס'איז אים דעמאָלט נאָר געלונגען צו מאַכן אַ „פאַנטאַסטישע רייזע" קיין ניו יאָרק, ווייל פעפער האָט קיין וויזע ניט געקאָנט קריגן, האָט ער דערציילט.

אויך דעמאָלט האָט ער געוואָלט אַהער קומען „דערציילן געננוי" וועגן די „מיליאָניגע צעהוידעטע פלאַסטן" אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, דערציילן דעם אמת פון מאָסקווע, ווייל

סיקומען צוגאַסט אַהער חשוביע געסט,
שרייבער און אויכעט פּאָעטן . . .
זיי קומען מיט ביכער, מיט דאָלערס, מיט רו,
גרויס אויף דער וועלט זייער שם איז,
זיי זיינען באַגייסטערט!
זיי זאָגן אונז צו —
דערציילן אין אויסלאַנד דעם אמת!
נאָר וויניגלעך, וויניגלעך האַלטן דאָס וואָרט,
די ריידעס די שיינע פאַרלאָזט מען, —
מיט בייכלעך און קלומקעס קיין אויסלאַנד מע פאָרט,
דער אמת
בלייבט איבער אין מאָסקווע!

איציק פעפער ווייסט, אַז אפילו איצט זיינען נאָך דאָ אין אַמעריקע אידישע שונאים פון אייניגקייט, שטערער פון אַל־אידישער ענגער פאַרבינדונג און אייניגקייט, פאַרלוימדער, פאַרשווערער, פאַררעטער.

איציק פעפער ווייסט אָבער אויך, אַז אין ניו יאָרק, ווי

ווייט־ווייט, אין פּאַריז, אין לאָנדאָן
זיינען דאָ אַזוינע מענטשן ווי מיר,
מיט הערצער קוטשעראַווע און בלאָנדע,
פונקט אַזוינע מענטשן ווי מיר.

— — — — — — — — — — — — —

און איך ווייס, אויף געוויס וועט געשען
אויף גאַנצער וועלטישער ברייט,
יענע מענטשן וועלן פאַרשטיין
אונזערע פראָסטע רייד.

און אויך איך בין זיכער, אַז די אַמעריקאַנער אידן וועלן פאַרשטיין

די אמת'ע איבערצייגנדיגע, פשוט'ע, „פראסטע רייד" פון די סאוועטישע פארשטייער, און אז א סך פון די וואס זיינען ביז איצט געווען פארפירט פון די פארשווערער און פארלוימדער וועלן ענדלעך דערזען דעם אמת פון מאסקווע.

אין טעג פון פראסטן וואונדער...

האט זיך איציק פעפער דער ערשטער געווענדעט צו די אידישע פאלק־מאסן אין סאוועטן־פארבאנד מיט פשוט'ע, אבער הויך־קינסטלערישע ווערטער. מיט זינגענדיגע „פראסטע רייד" האט ער זיי וואונדערלעך דער־ציילט וועגן דער באדייטונג פון די בירגער־קריג טעג, ווי פון די ווייטערדיגע טעג פון דניעפרבוי און דאנבאס, פון דעם אויפשטעל־פעריאד, פון די 5 יאר פלענער ביז די סאמע לעצטע טעג פון דער פאטריאטישער פאטער־לענדישער מלחמה. ער איז געווארן דער פאפולערסטער דיכטער, איינער פון די באליבטסטע אידישע סאוועטישע שרייבער.

קינד און קייט קען איציק פעפער'ן אין סאוועטן־פארבאנד. ס'איז ניטא קיין אידיש שול־קינד, וואס זאל ניט קאנען דעקלאמירן אויף אויסנ־ווייניג פעפער'ס לידער. מען קען אים אין יעדער שטאט און שטעטל, אין יעדער פאבריק און קאלכאז. אין 1935, געדענק איך, האב איך צו־זאמען מיט פעפער'ן באזוכט דעם אינטערנאציאנאלן קאגאנאוויטש־קאל־ווירט לעבן קיעוו. שפאצירנדיג איבער די רחבות'דיגע פעלדער האבן מיר אנגעטראפן א בארוועס און פון זון פארברוינט בלאנד מיידעלע פון א יאר צען. זי האט ניט אויסגעקוקט אידיש, האט פעפער מיט איר גע־פרואווט פארפירן א שמועס און זי עפעס געפרעגט אויף רוסיש. אבער אנשטאט צו ענטפערן אויף דער פראגע, האט דאס מיידעלע זיך ברייט צעשמייכלט און געזאגט אויף מאמע־לשון: „איר זייט איציק פעפער. איך קאן אויף אויסנווייניג אייערע לידער". זי האט אים דערקענט לויט די פארטרעטן פון די אידישע שרייבער אין די קלאס־צימערן.

קינדער און דערוואקסענע, אלע לייענען פעפער'ן זייער גערן, מען האט שטארק הנאה פון זיינע שורות אין די צייטונגען, מען זוכט זיינע לידער אין די סאוועטישע זשורנאלן, מען פאדערט אין די ביבליאטעקן זיינע ביכער. און אויך ניט־אידן לייענען אים מיט גרוים פארגעניגן אין די איבערזעצונגען.

קינד און קייט קען פעפער'ן אין סאוועטן־פארבאנד אויך דערפאר וואס ער איז אן ערשט־קלאסיקער פארלייענער, אן ערשט־קלאסיקער רעד־נער און — אן ערשט־קלאסיקער פארזיצער און טאסט־מייסטער... עס איז אפשר ניטא קיין איינער פון די סאוועטישע אידישע שרייבער, וואס איז ווי פעפער אזויפיל ארומגעפארן איבער די שטעט און שטעטלעך פון סאוועטן־פארבאנד און פארגעלייענט זיינע לידער אין די אידישע קלובן, אין די פאבריקן, אין קאלווירטן, און געהאלטן פארטראגן און רעדעס וועגן ליטעראטור און אנדערע צייט־פראגן.

און — פעפער, מען קען אייך — אויך אין אמעריקע, ווי אין אלע אנדערע אידישע קיבוצים און לענדער. די „מאָרגן־פרייהייט" אליין האָט דאָך אין משך פון איר עקזיסטענץ שוין אָפּגעדרוקט גאַנצע ביכער פון זיינע לידער און אַרטיקלען. ער איז דאָך אין דעם זין אַ סטאַר־מיט־אַרבעטער פון דער „מאָרגן־פרייהייט". ער איז באַליבט און פּאָפּולער צווישן די אַמעריקאַנער אידן אויך אַ דאַנק שייפער׳ן און די פרייהייט געזאַנגס־פאַראיינען. זיין פאַרבינדונג מיט און איינפלוס אויף אַמעריקע איז אין דער אמת׳ן נאָך געווען אַ סך ברייטער און טיפער. אָבער דאָס איז אַ טעמע פאַר זיך.

איציק פעפער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1900 אינ׳ם שטעטל ש פּ אָ ל ע , לעבן קיעוו. צו 12 יאָר האָט ער אָנגעהויבן לערנען די אַרבעט פון אַ שריפטזעצער. אין 1919 האָט ער זיך אַקטיוו באַטייליגט אין דעם בירגער־קריג, אין די קאַמפן געגן פּעטליורע׳ן, דעניקין׳ען און פאַרשיידענע באַנדעס. בשעת דער דעניקינישער אָקופּאַציע איז פעפער איבערגעלאָזט געוואָרן אויף אונטערערדישער אַרבעט אין קיעוו. ער איז געכאַפּט און פאַרשפּאַרט געוואָרן אין טורמע ביי די דעניקינצעס. דערפאַר האָבן מיר ביי דעם גרויסן סאָוועטישן דיכטער אויך אַ ציקל „תפיסה־לידער".

פעפער האָט אָנגעהויבן שרייבן נאָך אין 1918. זיינע ערשטע גע־דרוקטע לידער באַווייזן זיך ערשט אין 1920 אויף די שפּאַלטן פון דער צייטונג „קאַמפאָן". אין יאָר 1922 דערשיינט זיין ערשט ביכל לידער: „שפּענער". שוין אין זיינע ערשטע לידער האָט געשמעקט מיט פּולווער, מיט פראָנט און קאַמף. ער צייכנט זיך שוין אויס אין זיי ניט נאָר מיט זיין ליריזם, נאָר אויך מיט זיינע נייע טעמעס, נייע בילדער און די נייע „פּראָסטע רייד". פעפער איז אָבער געוואָרן דער אָנערקענטער דיכטער פון די ברייטסטע אידישע מאַסן ערשט אין יאָר 1924, ווען עס דערשיינט זיין בוך „וועגן זיך און אַזוינע ווי איך". און באַלד נאָכדעם זיינען גע־קומען די ביכער „פּראָסטע טריט", „אַ שטיין צו אַ שטיין", א. אַז. וו.

זינט דעמאָלט האָט ער שוין אַרויסגעגעבן מער ווי נאָך אַ צענדליג ביכער מיט לידער („געפונענע פונקען", „פּלאַסטן", „געוועטן", „פּלאַ־קאַטן אויף בראָנזע", „יאַטן", „פּיילן אויף מיילן", „לעבן זאָל דאָס לעבן", „געקליבענע ווערק", „קראַפט", א. אַ.), אַ ביכל וועגן דער אידישער ליטע־ראַטור אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, אַ ריי בראָשורן, רעדאַקטירט זשורנאַלן („פּראָליט", „פאַרמעסט", „סאָוועטישע ליטעראַטור", א. אַ.), געשריבן הונדערטער ליטעראַטור־קריטישע אַרטיקלען אין די צייטונגען און זשורנאַלן, געווען פאַרזיצער, סעקרעטאַר, פירער און אַ פירנדיגער טוער פון אַלע אידישע און אַלגעמיין־סאָוועטישע שרייבער־אָרגאַניזאַציעס, מלוכה־קאָמיסיעס און שרייבער־צוזאַמענפאָרן.

אַלע זיינע יאָרן האָט זיך איציק פעפער געפונען אויף וויכטיגע גע־זעלשאַפטלעכע און מלוכה־פּאָסטנס, געווען איינער פון וויכטיגסטע שעפער,

קעמפער און בויער פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור. אין 1939 איז פעפער באַלוינט געוואָרן פון דער סאָוועט־רעגירונג מיטן אָרדן „ערן־צייכן". אין 1940 איז ער באַערט געוואָרן מיטן מיליטערישן ראַנג: פּאָלקאָווניק־לייטאַנענט. באַלד נאָכ'ן נאַצישן איבערפאַל אויפ'ן סאָוועטן־פאַר־באַנד איז פעפער, ווי אין דער צייט פון בירגער־קריג, ווידער אַוועק אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי אויפן פראָנט. ער האָט גלייכצייטיג געשריבן קוילן־פייערדיגע, סנאַיפּער־שאַרפע, באַמבע־אויפרייסנדיגע לידער, אַרטיקלען און פאַרצייכענונגען. ער האָט ניט נאָר געקעמפט, ווי אַלע סאָוועטישע אינזשענערן פון נשמות, מיט דער פען און מיט דער ביקס, נאָר אויך מיט זיין זילבער־קלינגענדיגער שטים, מיט זיין גאָלדענער צונג. איצט איז ער געפלויגן צו אונז קיין אַמעריקע. ער קומט צו אונז ווי אַ שליח־ציבור פון די אידן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, פון דער אידישער סאָ־וועטישער ליטעראַטור, פון דער רויטער אַרמיי, פון רויטן ים־און לופט־פלאָט. איציק פעפער פאַרווירקלעכט בוכשטעבלעך זיינע אייגענע באַרימטע ווערטער:

דאַרף מען שיסן — איז געשאָסן,
דאַרף מען — היט מען אונזער שטאָט,
דאַרף מען — ווערט מען ימיישע מאַטראָסן
פונם ווייטן, פונם רויטן פלאָט...



**פּראָפעסאָר שלמה מיכאָעלס**

## דער שיינער סאָוועטישער אמת

סיהאָט יעדערער זיין חן,
סיהאָט יעדערער זיין ברען,
זאָל יעדערער הויבן דעם שטיין,
וואָס ער קען!
צו יענע, צו יענע, צו יענע מיין ליד,
וואָס ווערן פון מי און פון אומרו ניט מיד,
און טרייהייט מיט פרייהייט איז ניט נאָר קיין גראַם,
אַ גראַם און אַ קלאַנג און אַן אויסגעשריי סתם, —
צו יענע, צו יענע, צו יענע מיין ליד!

אזוי זינגט איציק פעפער אין זיין ליד „צו די בויער", איינגעשלאָסן די בויער פון דער אידישער סאָוועטישער ליטעראַטור, ביי וועמען „טריי־הייט מיט פרייהייט" איז „ניט נאָר אַ גראַם און אַן אויסגעשריי סתם".

דאָס איז אין אַ געוויסן זין פעפער׳ס אַ פּראָגראַם־ליד. ער טרעט דאָ ארויס געגן די פאָרמאַליסטישע, קונסט־לשם־קונסט, גראַם־לשם־גראַם שריי־בער, וואָס האָבן אין די ערשטע יאָרן נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע פאַר־געבן דעם טאָן אין דער אידישער ליטעראַטור.

פעפער איז געוועזן פון די ערשטע און דער באַדייטנדיגסטער פון די אזוי־גערופענע נייע פּראָלעטאַרישע שרייבער, וואָס האָבן אַ סך פריער זיך אָנגעהויבן אָפּרופן אויף די פאַרשיידענע געשעענישן פון דער רעוואָלו־ציאָנערערווירקלעכקייט. זיי האָבן די ערשטע אָנגעהויבן באַלויכטן די וויכטיגסטע טעמעס פונ׳ם בירגער־קריג און דער סאָציאַליסטישער בויאונג. עם פאַרשווינדן די דעקלאַראַטיווע, אַבסטראַקטע, סכעמאַטישע רעוואָלו־ציאָנערע געזאַנגען. די אידישע שרייבער הויבן אָן פאַרקערפּערן אין באַ־דייטנדיגע קינסטלערישע ווערק די דערפאַרונגען פון די סאָוועטישע מאַסן, אין דער ערשטער ריי פונ׳ם בירגער־קריג.

אַלע ווייסן שוין וועגן דער רייכער, פאַרצווייגטער אידישער ליטעראַטור אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָס ציילט שרייבער אין די הונדערטער, ביכער אין די טויזנטער און טיראַזשן אין די הונדערטער טויזנטער און אפילו מיליאָנען . . . ס׳איז אמת ווי פעפער זאָגט, אז ס׳האָט יעדערער פון די בויער פון דער אידישער סאָוועטישער ליטעראַטור זיין אייגענעם קינסטלע־רישן פנים, „ס׳האָט יעדערער זיין חן", „זיין ברען", און „זאָל יעדערער הויבן דעם שטיין, וואָס ער קען!" ס׳איז אָבער אַ פאַקט, אז איציק פעפער האָט באַוויזן צו הויבן איינעם פון די ווינקל־שטיינער פון דעם אידישן ליטעראַטור־בנין אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, געוואָרן ד ע ר בויער פון דער אידישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

אין די ראַמען פון דעם אַרטיקל און אפילו עטלעכע אַרטיקלען, איז,

פארשטייט זיך, אוממעגלעך אויסצושעפּן אזא רייכע דיכטערישע פּערזענ־לעכקייט, ווי עס שטעלט מיט זיך פאר איציק פעפער. איך ווייס, אז וועגן פעפער׳ס שאפן זיינען אפּגעהאלטן געוואָרן גאנצע סעסיעס פון אקאדעמישע אנשטאלטן, אז עס זיינען געגרייט געוואָרן גאנצע ביכער־מאָנאָגראפיעס וועגן זיינע ווערק, אז מיין אספּיראנטור־חבר פון דער ליטעראַרישער סעקציע דובילעט, וואָס געפינט זיך איצט אויפ׳ן פראָנט, האָט אָנגעשריבן אַ גאנצן בוך וועגן פעפער׳ס פּאָעטיק אליין. איך ווייס אויך, אז מען וואָלט נאָך געקענט שרייבן וועגן פעפער דעם רעדאקטאר, וועגן פעפער דעם ליטעראַ־טור־קריטיקער, וועגן פעפער דעם רעדנער, וועגן פעפער דעם פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכן קעמפער און ליטעראַטור־אָנפירער, א. אַז. וו. איך האָב שוין אויך דערמאָנט, אז וועגן פעפער׳ס פארבינדונג מיט און איינפלוס אויף אמעריקע, ווי אויף דער גאנצער אידישער ליטעראַטור, וואָלט מען געדאַרפט שרייבן. אויך וואָלט געווען אַ דאנקבארע טעמע פעפער׳ס לידער אין משך פון דער איצטיגער מלחמה. מיך, צום ביישפּיל, אינטריגירט אזא טעמע, ווי אונזערע טאַלאנטפולע „צוויי איציקס" — איציק פעפער און איציק מאנגער — און פאַרוואָס זיי זיינען אזוי אנדערש איינער פונ׳ם צווייטן. אָבער זאָל זיין געזונג. טאַטשקאַ.

אין דעם ארטיקל האָב איך נאָר געקאָנט פארשאַרפן דעם אַפּעטיט, אָנ־רעגן דעם לייענער צו זוכן מער וועגן אונזער גרויסן גאַסט, דעם בויער פון דער אידישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

אין אַן ארטיקל „אידן און היימלאַנד" („אייניקייט", 7טער נאָוועמ־בער), וואָס לייענט זיך ווי אַ פּאָעמע, האָט איציק פעפער געשריבן:

„די 25 יאָר, וואָס מיר לעבן אונטער׳ן סאָוועטישן הימל, האָבן אויפגע־וועקט אין אונזער פאָלק אַ סך וואונדערלעכע אייגנשאַפטן, וואָס דער גלות האָט פאַרנעפּלט, פאַרקריפּלט, פאַרטויבט. די העלדישקייט פון אונזערע גרויסע אָבות האָט מיט נאָך אַ גרעסערער קראַפט אויפגעבראָזט אין אונזער פאָלק. די זעלבסטווירדע פון אונזערע בעסטע זין און טעכטער איז געוואָרן די אייגנשאַפט פון די פאָלקס־מאסן. אונזער היימלאַנד האָט אונז געגעבן קראַפט, ליכט, גלויבן, פרישקייט — פאַרמערט אונזער ליבע און פאַרשאַרפט אונזער האַס. מיר האָבן דערפילט דעם ריח פון אייגענער ערד, אייגענעם הימל, אייגענער לופט, דעם ריח פון היימלאַנד".

און דערפאַר איז קיין וואונדער ניט, וואָס פעפער זאָגט אין אַ ליד צו קושניראָוו׳ן:

אין מיר, אומעטום, וואו דאָס לאַנד טוט אַ רוף,
וועלן גלייך אין די רייען זיך שטעלן,
וואו מען דאַרף —
איז מיט לידער געשפּאָלטן די לופט,
וואו מען דאַרף —
איז אַ ריס מיט שראַפּנעלן!

און סיי פעפער, סיי קושניראָוו האָבן דאָס אויסגעפּילט אויף די פולע הונדערט פּראָצענט. אין דעם זעלבן ליד זאָגט פעפער:

מיר דאַרפן באַזינגען . . .
דעם שיינעם סאָוועטישן אמת.

אָט־דעם שיינעם סאָוועטישן אמת האָבן מיר ניט נאָר געפונען אין זיינע לידער, נאָר מיר וועלן איצט אין אמעריקע האָבן די גליקלעכע געלעגנהייט צו הערן פון איציק פעפער׳ס אייגענעם מויל —

דעם שיינעם סאָוועטישן אמת!

יוני 17, 1943.

## דאָס טיפסטע קול

וועגן דער באַדייטונג פון דעם ליטעראַרישן זאַמלבוך „היימלאַנד", וואָס איז אין יאָר 1943 דערשינען אין מאָסקווע אין דעם מלוכה־פאַרלאַג „דער עמעס", און איז איצט אָנגעקומען אין די פאַראייניגטע שטאַטן

---

„היימלאַנד" — וואָס פאַר אַ וואויל און וואַרעם, מחיה׳דיג מאַמעדיג וואָרט! וואָס פאַר אַ פול און פיל באַדייטנדיג וואָרט! ווי גליקלעך איז דער מענטש, וואָס קאָן זאָגן מיט׳ן פולן מויל און מיט׳ן טיפסטן קול: היימלאַנד!

„היימלאַנד" איז דער נאָמען פון דעם נייעסטן ליטעראַרישן זאַמלבוך פון 170 זייטן, אין וועלכן עס זיינען פאַרטראָטן מיט לידער, דערציילונגען און פאַרצייכענונגען 31 שרייבער פון דעם סאָוועטן־לאַנד, וואָס איז געוואָרן פאַר זיי ניט סתם אַ לאַנד, נאָר אַ היימלאַנד אין דעם פולסטן און טיפסטן זין פון דעם וואָרט.

אָט איז דער נייעסטער פאַקט: בלויז אין איין לאַנד, אין דעם „היימלאַנד", האָט די הויפּט ראַדיאָ־סטאַנציע פון דער רעגירונג געבראָד־קעסט פאַר׳ן גאַנצן לאַנד דעם נאַציאָנאַלן הימן אין דער אידישער שפּראַך. דאָס האָט פּאַסירט ערשט גאָר לעצטנס, זונטאָג, דעם 2טן אַפּריל, ווען דער וועלט־באַרימטער כאָר־אַנסאַמבל פון דער רויטער אַרמיי, דיריגירט פון פּראָפעסאָר וו. אַלעקסאַנדראָוו, דער שעפער פון דער מוזיק פאַר׳ן נייעם סאָוועטישן הימן, האָט, לכבוד דער דערעפענונג אין מאָסקווער קאָלאָנען־זאַל פון דעם דריטן פּלענום פון דעם אידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, געזונגען אין אַ ראַדיאָ־בראָדקעסט פאַר׳ן גאַנצן לאַנד דעם נייעם סאָוועטישן הימן אין דער אידישער שפּראַך.

דורכדעם איז אָפיציעל אָנערקענט געוואָרן אידיש ווי אַ מלחמה־שפּראַך, ווי זי איז שוין לאַנג אָנערקענט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אַלס אַ מלוכה־שפּראַך.

אָט נעמט דאָס אידישע וואָרט „לחיים", צום ביישפּיל: שלאָגט עס דייטשן, און קעמפט פאַר אידן און פאַר אַלע לחיים־פעלקער. אין דער „מאָרגן־פרייהייט" האָט אַנומלטן געשריבן פּ. אַ. נ. דאָס פאָלגנדיגע:

„ל ח י י ם! מיר האָבן די טעג איבערגעלייענט אַ סאָוועטישע באַ־שרייבונג אונטער דעם נאָמען: „לחיים". איינער דאָרטן דערציילט וועגן אַ אידישן פּאָלקאָווניק, וואָס האָט נאָך זיין שלאַכט זיך משמח געווען מיט די קאָמאַנדירן און האָט אָנגעהויבן זיין טאָסט: „ביי אונז, א י ד ן, זאָגט מען ל ח י י ם!" און דער „לחיים" איז געפעלן געוואָרן די אַנדערע קאָמאַנדירן, די רוסן און אוקראַינער. אַ וואויל פאָלק, דאָס אידישע, איינס פון די אַלע וואוילע סאָוועטישע פעלקער: לחיים!"

די מלחמה האָט געבראַכט דערנענטערונג צווישן אידן און ניט־אידן אויפ'ן שלאַכט־פעלד. אידיש איז געוואָרן אַ מלחמה־שפּראַך, די שפּראַך פון גענעראַל יעקב קרייזער, פּאָלקאָווניק איציק פעפער און די סאָבמאַרין־קאָמאַנדירן גאָלדבערג און פּיזאַנאָוויטש.

און ניט צופעליג הויבט זיך אָן דאָס זאַמלבוך „היימלאַנד" מיט פּ ר ץ מ אַ ר ק י ש׳ ע ס פּאָעמע „ד ע ם א י ד י ש ן ש ל אַ כ ט מ אַ ן", וועמען יעדעס וואָרט פון גאַנצן בוך איז געווידמעט. און ניט נאָר איז דער אידישער רויטאַרמייער אַ שלאַכטמאַן, נאָר אַלע סאָוועטישע אידן, אָן אויס־נאַם, זיינען איצט שלאַכטלייט און קעמפן העלדיש אין דער טאָטאַלער מלחמה געגן דער פאַשיסטישער אכזריות.

איך וויס: דו האָסט געקושט די ביקס אין יענעם טאָג,
וואָס האָט אויף וואָגשאָלן געלייגט פון פאָלק דאָס לעבן,
און מיט אַ יעדן שאָס, ווי מיט אַ דונערדיגן גלאָק,
האָסטו געבענטשט דאָס לאַנד, וואָס האָט זי דיר געגעבן.

האָסט אַ דערקלערונג מאָכן פייערלעך געהאַט
מיט פייער און מיט בלוט דורך אויפשטייג און דורך ווייען —
דו! דער איד! דער בירגער! דער סאָלדאַט!
דו! דער איד! דער רויטאַרמייער!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

די שפּראַך פון דיכטער און נביאים אויף דער ערד,
דער רויש פון טייכן, דער געמורמל פון די בוימער,
זיך הייליגן זיי קומען ביי דער לויכטנדיגער שווערד,
מיט וועלכער דו באַצאָלסט פאַר פאָלק און היימלאַנד!

וויפיל פייערלעכן און פייערדיגן שטאָלץ איר פילט אין פּרץ מאַר־קיש׳עס ווערטער „דו! דער איד! דער בירגער! דער רויטאַרמייער!" וויפיל אומבאַגרענעצטע ליבשאַפט פאַר'ן אידישן פאָלק, פאַר'ן סאָוועטישן היימלאַנד, פאַר דער אידישער שפּראַך, וואָס האָט זיך ביי פּרץ מאַרקיש'ן אַליין פאַרוואַנדלט אין אַ „הייליגער לויכטנדיגער שווערד"!

אונזער וויס־פּרעזידענט הענרי אַ. וו אַ ל אַ ס האָט ניט לאַנג צוריק דערקלערט אויף אַ פאַרזאַמלונג פון גריכן, אַז אַמעריקע דאַרף ווערן

א לאַנד, וואו די בירגער פון יעדן פאָלק זאָלן קאָנען זאָגן מיט שטאָלץ: „איך בין אַ גריך!" „איך בין אַ איד!"

ווי פּרץ מאַרקיש, זאָגן שוין לאַנג די סאָוועטישע אידן מיט שטאָלץ: איך בין אַ איד! איך בין אַ בירגער פון מיין סאָוועטישן היימלאַנד! איך בין אַ רויטאַרמייער! ווער געדענקט עס נים איציק פעפער'ס וואונדערלעך ליד „א י ך ב י ן א א י ד", וואָס ער האָט פאַרגעלייענט אין די ניו יאָרקער פּאָלאָ גראונדס?

גרעניצלאָזע הייסע ליבשאַפט פאַר'ן אידישן פאָלק און פאַר'ן סאָוועטישן היימלאַנד איז די טעמע פון דעם גאַנצן בוך, ווי אויך — גרעניצלאָזע ברענענדיגע פיינטשאַפט פאַר דעם אכזריותדיגן קאַניבאַלישן שונא און הייליגע נקמה.

דער גלאַנץ פון זייער בלוט איז זיסער פון באַגין,
קיין פרייד אַזאַ אינערגעץ איז ניטאָ מער —
אָט שטייט ער קעגן דיר, דער דייטש, פונקט ווי אַ יאַשטשער גרין,
רייס זיך אַריין אין גאָרגל, אין זיין טמאין.

און ביזין לעצטן ניט פאַרגעס
פון זויג־קינדער געשליידערטע, פון מאַמעס די געהוילן,
די ערד די ווייענדיגע פון דער שטאָט אָדעס
און דאָס געוויין פונים פאַרבלוטיגטן לוקיאַנאָווער (קיעווער)
בית עולם.

איבער געשאָכטענע קהילות, איבער אָרעמקייט צעפליקטס
יאָרהונדערטער זיך קויקלען, פונקט ווי רייפן.
וועסט, אידישער סאָלדאַט, זיך ניט צעשיידן מיט דער ביקס,
ווי ס'האָבן דיינע זיידעס ניט צעשיידט זיך מיטן ספר.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

גיי, רויטאַרמייער אידישער, נקמה נעם,
זאָל זיך ניט אויסשעפּן פון האַרץ דיינעם דער צאָרן,
ביז ס'וועט בערלין ניט זיין צעבראָקט ווי שכם,
ביז ס'וועט דאָס בלוט ניט זיין באַצאָלט פון דיינע קברים!

ס'איז אַ הייליגער קריג, אַ קידוש־השם מלחמה, אַ טאָטאַלע מלחמה. און דערפאַר איז די ביקס איצט אַזוי הייליג ווי ביי אונזערע זיידעס דעם ספר, די „ריינינקייט", ווייל בערלין איז געוואָרן אַ מאָדערנע שכם און דאָס בלוט פון אונזערע קדושים מוז אָפּגעצאָלט ווערן.

און שטאַרבנדיג אויף שלאַכטפעלד, בענטשן וועסט די שווערד,
און מיט אַ קוש זיך צולייגן צו דער באַפרייטער שוועל דאָ.
אויך מיט דיין לייב זיפּאַרקנאָטן רוסלאַנדיס ערד,
אויך מיט דיין בלוט זיינען באַגאָסן אירע פעלדער!

איז נעם פון האַרץ מיינעס ד אָ ס ט י פ ס ט ע ק ו ל,
עס שיידט זיך ניט מיט טריט מיט דיינע ביי די ראַנדן!
דיך אין דער קייט דער גאָלדענער וועט איינשליסן דאָס פאָלק,
אַ שטערן אָנטאָן וועט אַ גאָלדענעם דאָס לאַנד דיר!

און דער סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט אָפּגעשאַצט די אידישע קרבנות און אָנגעטאָן גאָלדענע שטערן צענדליגער טויזנטער אידישע העלדישע שלאַכט־לייט, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דער היילינער מלחמה. און די סאָוועטישע אידן האָבן אָפּגעשאַצט זייער היימלאַנד. זיי פאַרנעמען דעם פערטן פּלאַץ אין דעם צעטל פון די אויסצייכענונגען, כאָטש לויט זייער צאָל וואָלטן זיי געקאָנט זיין אויפ׳ן זיבעטן פּלאַץ, איז ניט לאַנג באַריכטעט געוואָרן אין דער פּרעסע.

מאַרקיש האָט אין דער פּאָעמע „דעם אידישן שלאַכטמאַן" ווי אין די געדרוקטע קאַפּיטלען פון דער מאָנומענטאַלער פּאָעמע וועגן „סטאַלינגראַד", נאָכאַמאָל באַוויזן, אַז די פּען שטייט ניט אָפּ פון דער שווערד אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. און דאָס זעלבע דאַרף מען זאָגן וועגן דעם הויכן ניוואָ פון די ווערק פון די אַנדערע אָנטיילנעמער אין דעם זאַמלבוך, באַזונדערס די דיכטער, ווי איציק פעפער, עזרא פינינבערג, ל. קוויטקאָ, ש. האַלקין, חיים גראַדע, ד. האָפשטיין, משה בראָדערזאָן, בונים העלער, א. גאָנטאַר, און אַנדערע. די גאַנצע סאָוועטישע אידישע ליטעראַטור האָט זיך דער־הויבן צו סטאַלינגראַדער מאַסשטאַבן. ניט נאָר האָט איר דאָרטן „דאָס טיפסטע קול" פון מאַרקיש׳ן, נאָר ד אָ ס ט י פ ס ט ע ק ו ל פ ו ן ד ע ר ג אַ נ צ ע ר ס אָ וו ע ט י ש ע ר א י ד י ש ע ר ל י ט ע ר אַ־ ט ו ר. ווייל זי קומט — פ ו ן ס אַ מ ע פ י י ע ר.

„פון סאַמע פייער", ווי עס איז דער קאָפּ איבער דער סעריע לידער פון עזרא פינינבערג אין דעם זאַמלבוך. פון סאַמע פייער פון דער מלחמה, פון דער סאַמע שלאַכט־ליניע. איר פילט דעריבער אין די ווערק די היץ פון דער פייער־ליניע.

און ניט נאָר פינינבערג קעמפט איצט מיט דער פּען און מיט דער ביקס (בוכשטעבלעך), נאָר כמעט אַלע אָנטיילנעמער פון דעם זאַמלבוך. ה. פּאָליאַנקער איז אַ קאַפּיטאַן אין דער רויטער אַרמיי, עליע גאָרדאָן, פייוול סיטאָ, י. פאַליקמאַן, מ. טאַלאַלאַיעווסקי זיינען לייטענאַנטן, יצחק יאַנאָ־סאָוויטש און אַנדערע זיינען אויך אין דער רויטער אַרמיי. איציק פעפער איז אַ פּאָלקאָווניק, און אַזוי כסדר.

און אויף דער שלאַכט־ליניע זעט אַלץ אויס אַנדערש, הייסער, שאַרפער, טיפער, זאָגן אַלע שלאַכטלייט. אפילו די הויז־חיות און די גאַנצע נאַטור באַטייליגט זיך אין דער מלחמה. „די הינט האָבן געוואוסט דעם טעם פון לופט־אָנפאַליען", זאָגט זיך אין וו. גראָסמאַנ׳ס דערציילונג „דער אַלטער לערער". „ס׳האָט דער שטיין געוויינט", הימלען און בוימער האָבן געזען,

שטערן און ברעגן האָבן געהערט, וועגן האָבן געפרעגט, און ווינטן האָבן געפילט, דערציילט אונז ש. האלקין אין זיין ליד „דער גוטער ווינט".

פון צווישן די חורבות,
פון הינטער רואינען,
אַרויס זיינען קינדערלעך
בלייכע און גרינע.

סיאָ זון און סיאיז פרילינג —
נאָר זיי איז ניט פריילעך!

און צוזאמען מיט די קינדערלעך איז אויך אַרויסגעקראָכן „אַ דאַרע, אַ שקווארע" קעצל, דערציילט אונז ל. קוויטקאָ. ער זאָגט ווייטער אין דעם ליד „די ווייסע טרעפּ", אַז טרויעריג איז דאָרטן אויך „דאָס קעלבל, די הינער, די כאַזערלעך ברעקלעך", ווייל „געווען איז דאָרט פריילעך און איצט איז דאָרט שרעקלעך . . ." ער גיט איבער דעם מלחמה־שוידער געזען דורך קינדערישע אויגן, דורך די אויגן פון אַ קעצל, אַ קעלבל, הינער און כאַזערלעך. דאָס זעלבע געפינען מיר אין מ. טאַלאַלאַיעווסקי'ס פאָלקס־ליד „אוי, דו טרויער...".

די קירצסטע און איינפאַכסטע דערקלערונג פאַר די היטלעריסטישע מעשים האָב איך געפונען אין וו. גראָסמאַנ'ס דערציילונג „דער אַלטער לערער".

„...—וואָס פאַר אַ שייכות האָבן דערצו די אידן? — האָט געפרעגט וואָראָנענקאָ.

— וואָס הייסט — וואָס פאַר אַ שייכות. די גרעסטע, — האָט געזאָגט דער לערער. — די פאַשיסטן האָבן געשאַפן אַן אַל־אייראָפּייאישע קאַטאָרגע, און כדי די קאַטאָרזשאַנעס זאָלן זיין הכנעה'דיג און געהאָרכזאַם, האָבן זיי אויפגעבויט אַ גיגאַנטישן לייטער פון אונטערדריקונג. די האָלענדער לעבט זיך ערגער ווי די דענער, די פראַנצויזן — ערגער ווי האָלענדער, די טשעכן — ערגער ווי די פראַנצויזן, נאָך ערגער איז די גריכן, סערבן, דערנאָך פּאָליאַקן, נאָך נידעריגער זיינען די אוקראַינער, רוסן. דאָס זיינען אַלץ שטאַפּלען פון דעם קאַטאָרזשנעם לייטער. וואָס נידעריגער, אַלץ שווערער איז דער יאָך, אַלץ מער בלוט, קנעכטשאַפט, שוויים. נו, און גאָר פון אונטן אין אָט דער ריזיגער קאַטאָרזשנער פילשטאָקיגער טורמע געפינט זיך דער תהום, וועלכן די פאַשיסטן האָבן צוגעגרייט פאַר די אידן. זייער גורל דאַרף שרעקן די גאַנצע גרויסע אייראָפּעאישע קאַטאָרגע, זייער גורל דאַרף זיין אַזוי שוידערלעך, אַז אַלע איבעריגע קרבנות זאָלן זיך שעצן גליק־לעך, וואָס זיי זיינען ניט קיין אידן. און איצט, דוכט מיר, זיינען די ליידן פון די רוסן און אוקראַינער אַזוי גרויס, אַז ס'איז געקומען די צייט באַווייזן — פאַראַן נאָך אַ שרעקלעכערער, נאָך אַ שוידערלעכערער גורל. זיי וועלן זאָגן: קלאָגט זיך ניט, זייט גליקלעך, שטאָלץ, וואָס איר זייט קיין אידן

ניט! דאָס איז פּשוט'ע אַריפמעטיק פון אכזריות, און ניט קיין סטיכי־שער האָס".

דאָס גאַנצע בוך באַשעפטיגט זיך טאַקע מיט אויפדעקן אַט־די דייטשע „אַריפמעטיק פון אכזריות" און זי העלפן צעשמעטרן, אויסראָטן מיט'ן וואָרצל.

די האָר שטעלן זיך אייך ממש קאַפּויר, דאָס בלוט הויבט אָן ביי אייך גליווערן, ווען איר לייענט די פּשוט'ע פאַרצייכענונג פון ב. מאַרשאַק „ווי אַזוי איך האָב זיך געראַטעוועט", וואו ער גיט איבער וואָס ס'האָט אים דערציילט די קיעווער איינוואוינערין שרה קאַץ. און אַזוי רחל קאָרנ'ס דערציילונג „אויסלייז־געלט", ווי די אַנדערע דערציילונגען און פאַרצייכענונגען.

און ניט געקוקט אויף דעם וואָס אַלע שאַפונגען פון דעם בוך זיינען דורכגעדרונגען מיט פייער און בלוט פון דער מלחמה געפינט איר צווישן זיי אויך אַ סך הומאָר און סאַטירע. ווייל ווי זאָגט ה. פּאָליאַנקער, אַליין אַ קאַפּיטאַן אין דער רויטער אַרמיי, אין זיין שלום־עליכם'דיגער מעשה „דער פאַרדינסטפולער קעבער פון פאָלק":

„...מענטשן, וואָס האָבן נאָך קיינמאָל קיין פּולווער ניט געשמעקט, מיינען אודאי, אַז אויפ'ן פראָנט גייט מען אַרום מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, מיט זויערע צורות ווי ביי פאַרזעסענע מוידן. אַ נעכטיגער טאָג! דאַכט זיך, אַז אין ערגעץ איז ניט אַזוי פריילעך, ווי צווישן אמת'ע סאָלדאַטן. פרעגט וועמען איר ווילט, וועט איר הערן" . . .

(דאָס איז אגב וויכטיג צו געדענקען אויך אין אַמעריקע).

פאַראַן דאָרטן אַפילו ספּעציעלע לידער פון סאַטירע־זשאַנער, ווי א. גאָנטאַר'ס „ווענן פריצן" און מ. גערשענזאָנ'ס פאַבלען ווענן „פאָן וואַנץ".

אין די מערסטע שאַפונגען ווערט באַוויזן, ווי אין ע. גאָרדאָנ'ס מעשה, „אַ געוויינלעכער מענטש", אַז „כאָנע, אַ געוויינלעכער מענטש, אַ מענטש פון אַ גאַנץ יאָר, קאָן זיין אַזאַ העלד"! און פול מיט שפּרודלדיגן הומאָר זיינען די סאָוועטישע אידישע העלדישע „כאָנעס" אָדער מאָדערנע טביהס אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי, ווי אברהם הוקיילע אין פ. סיטאָ'ס דערציילונג, זלמן קאַראַס אין ה. פּאָליאַנקער'ס פאַרצייכענונג, צי איציק פעפער'ס „בעל עגלה זכריה", אורעלע לימאַנטשיק פון דער מאָלדאַוואַנקע אין ס. ווערריטע'ס פעליעטאָן „אָדעם בלייבט אָדעם", לייבא גאָלוב אין ש. פערסאָוו'ס „האַרמאָניקע". פון שלום־עליכמ'ס טיפּן זיינען ריסיא ראַטנער און די אַנדערע אין רחל קאָרנ'ס דערציילונג „אויסלייז־געלט", ווי אויך חנה אין מ. גאָלדשטיינ'ס „דער מאַמע'ס וואָרט".

פאַראַן אין „היימלאַנד" אויך „לירישע פּאָעמעס", ליבע־לידער, אַ וויג־ליד, מאַמע־לידער, ווי דאָס פּאַטעטיש רירנדיגע „אוי, מאַמע!" פון משה בראָדערזאָן, קינדער־לידער און דערציילונגען און פאַרצייכענונגען ווענן און פאַר קינדער, ווי ל. קוויטקאָ'ס און ש. האַלקינ'ס לידער, חיים גראַדע'ס מייסטערהאַפטע באַלאַדע „ווענן אינגל, דער טויב און דער רויטער

ארמיי״, ווי אויך ה. בלאַשטיינ׳ס „די ליבע פון פאָלק״, אברהם קאַהאַנ׳ס „אונזער בריק״, און אנדערע. מען פאַרנאַכלעסיגט ניט די קינדער־ליטע־ראַטור, ווי ביי אונז אין אמעריקע, אויף וואָס עס האָט לעצטנס אָנגעוויזן פ. סאַנדלער אין אַן אַרטיקל אין „היים און דערציאונג״.

פאַראַן „די ליד פון האַם״ פון יצחק יאַנאַסאָוויטש און אויך די ליד פון גרוים ליבשאַפט „די ליד פונ׳ם (בלוט) דאָנאָר״ פון ל. אָליצקי, וואָס איז פונקט אַזוי אָנגעמאָסטן אויך פאַר די בלוט־דאָנאָרס אין אַמעריקע. דער מוזיקאַלישער פאַרבאַנד וואָלט אפילו געמעגט שאַפן מוזיק פאַר אַזעלכע פּאַטריאָטישע און „אוטיליטאַרע״ (נוץ)־לידער פאַר דער מלחמה־אָנשטרענגונג.

מיין האַרץ — אַ רויטן בעכער וויין
כידערלאַנג דיר, אומבאַקאַנטער קעמפער.
געניס, שטיל איין דיין ווי און פיין.
איך וואַרט ניט אויף קיין דאַנק און ענטפער . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך קען ניט דיך, דו קענסט ניט מיך,
דאָך זיינען מיר אויף זיכער ברידער;
אין יעדן העלד דערזען כ׳וועל זיך:
עס שפּילט מיין בלוט אין זיינע גלידער . . .

דאָס זיינען בלויז צוויי פערזן פון דעם וויניגן, פּאַטריאָטיש־האַרציגן ליד.

אַן ענלעך ליד פון דעם זעלבן זשאַנר האָב איך געזען אין דער סאָוועטישער זאַמלונג פון 1941 „ווי פון אויג דאָס שוואַרצאַפּל״ פון עמ. קאַזאַקעוויטש פון וואַנען מיר ברענגען די פאָלגנדיגע עטלעכע שורות:

. . . ניט פלוידער, ניט פּלאַפּל.
אַן איבעריג וואָרט —
דאָס איז איבעריג בלוט, —
איז היט אָפּעט אַ סוד,
ווי פון אויג דאָס שוואַרצאַפּל!

אַן איבעריג וואָרט — דאָס איז איבעריג בלוט!
דאָס איז גאָר אַ גוטער לאָזונג אויך פאַר אַמעריקע . . .

כ׳האָב ביז איצט געשריבן וועגן דעם וואָס עס איז פאַראַן אין דעם זאַמלבוך. אָבער מען דאַרף אויך עפּעס זאָגן וועגן דעם וואָס פעלט דאָרטן. עס פעלן עסייען אָדער קריטיק־אַרטיקלען. עס פעלט דער זשאַנר פון דראַמע, כאָטש עס פעלט ניט ברוך־השם קיין דראַמאַטיזם אין די געדרוקטע ווערק. עס פעלט דוד בערגעלסאָן, ווי עס פעלן א. קושניראָוו, ש. גאָדינער, יאַשאַ זעלדין, ב. אליעווסקי, חנה לעווין, דאָרע כייקינע, ריווע באַליאַסנע, און

צענדליגער אנדערע סאָוועטישע שרייבער. אַ סך פון זיי פעלן צוליב זייער פאַרנומענקייט מיט דער שווערד און אַ צאָל פעלן, ווייל זיי פ ע ל ן טאַקע, מען ווייסט ניט, וואו זיי זיינען אַהינגעקומען אין דעם פייער פון די שלאַכטן, גייענדיג אין די פאָדערשטע רייען.

ס'איז אויך מיין איינדרוק, אַז די פּראָזע פון דעם זאַמלבוך, איינגע־שלאָסן דעם נסתר'ס „העשל אַנשעלעס", האָט זיך ניט דערהויבן צו דער הויכער קוואַליטעט פון דער פּאָעזיע, און געוויס ניט צו דער מאָנומענ־טאַלער קראַפט פון פּרץ מאַרקיש'עס קאַפּיטלען וועגן סטאַלינגראַד: „קיין טראָט צוריק!", כאָטש די פּאָעזיע אַליין פון דעם זאַמלבוך איז ניט נאָר ליריש, נאָר אויך עפּיש, דערציילעריש, סוזשעטיש, מאָנומענטאַליש. (אגב, זיינען מאַרקיש'עס ווערק און נאָך אַנדערע אויך אַ גלענצנדיגער מאַטעריאַל פאַר מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס).

אַלע ווערק באַווייזן אָבער די גרויסע ראָלע פון פאָלק'ס געווויסן, וואָס דער קינסטלער, דער קעמפער מיט דער פּען, שפּילט אין דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. און דערפאַר האָט אונז עזרא פינינבערג „פון סאַמע פייער" דערציילט, וואָס פאַרא גרויסן אַפּשיי, וויפיל ליבע און וואַרעמקייט, עס האָבן פאַר'ן דיכטער אַלע שיכטן פון דעם סאָוועטישן פאָלק — „מאַיאָרן", „לייטענאַנטן", „יונגינקע" און „באַיאַרטע מענער" און פרויען, „פּשוט'ע און פּראָסטע לייט", „אַרבעטער פון ווייטסטע שטעט, פּויערים פון פאָלק" אין סאַמע ברען פון דער מלחמה, אפילו אויף דער סאַמע פייער־ליניע. אומעטום און פון אַלעמען האָט ער געהערט:

„אַ דיכטער... עס איז ווערטפול... זעט! גיט אַכטונג, היט אים אָפּ! אַ פּאָעט..."

און דערפאַר שפּילן די סאָוועטישע קינסטלער און שריפטשטעלער אַזאַ גרויסע ראָלע אין די פאָדערשטע רייען פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, ווי אין די פאָדערשטע רייען פון דער רויטער אַרמיי. און דערפון דאַרף מען אויך עפּעס לערנען פאַר אַמעריקע.

וואָס פאַר אַ קאָנטראַסט עס איז די ראָלע פון די סאָוועטישע אידישע שרייבער צו דער ראָלע פון די אידישע שרייבער אין אַמעריקע. אַמבעסטן האָט זי גראָד כאַראַקטעריזירט מ. דאַנציס אין „טאָג" (אַפּריל 2, 1944) אין דעם פאָלגנדיגן פּאַראַגראַף:

„טראַכט איך פון דער ראָל, וואָס אידישע שרייבער שפּילן אין אונזער געזעלשאַפטלעכן לעבן, און איבערהויפּט אין דער איצטיגער מורא'דיג־טראַגישער שעה אין לעבן פון אונזער פאָלק, און מיר ווערט אומעטיג אויפ'ן הארצן. מיר טוט וויי פאַר מיין באַרוף. איך פיל זיך געקרענקט און באַליידיגט, וואָס דער אויסדערוויילטער שבט, צו וועלכן איך האָב דעם כבוד צו געהערן, שטייט אין אַ זייט, ווען גראָד דער שריפטשטעלער, דער קעמפער מיט דער פּען, וואָס מ'זאָגט אונז, אַז זי איז מוטיגער פון דער שווערד, וואָלט געדאַרפט געפינען זיך אין די פאָדערשטע רייען".

אַפּריל, 1944.

# דער סוד פון דער סאָוועטישער גבורה

„מען קאָן מיט רעכט זאָגן, אז דער גורל פון דער מענטשהייט הענגט אָפּ פון אַט־דער גרויסער שלאַכט, וואָס האָט זיך ערשט אָנגעהויבן".

אַט־די ווערטער געפינען זיך אין דער דערקלערונג פון היולעט דזשאָנסאָן צו די אַמעריקאַנער לייענער פון זיין בוך, געשריבן נאָך דעם נאַצי־איבערפאַל אויפ'ן סאָוועטן־פאַרבאַנד.

אַט־דער געדאַנק הויבט אָן אַלץ מער אַריינדרינגען אין אַלעמענס מוחות. דער גורל פון דער מענטשהייט — דאָס מיינט ניט נאָר פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, פון דייטשלאַנד, ענגלאַנד, נאָר אויך פון אַמעריקע, פון אַלע פעלקער, דער גורל פון אידישן פאָלק, אויך מיין גורל, אייער גורל, אפילו דער גורל פון אייערע קינדער און קינדס־קינדער.

און אויב דאָס איז אַזוי — דאַרף דאָך אין דעם איצטיגן גורל־מאָמענט יעדער מענטש זיין בלוטיג פאַראינטערעסירט צו פאַרשטיין דעם גאַנג פון די פּאַסירונגען און אויסגעפינען וואָס ער אַליין קען טאָן צו העלפן אַז



היולעט דזשאָנסאָן

די גרויסע שלאכט זאָל זיך ענדיגן צום גוטן. אַט־די שלאכט ווערט געפֿאָכטן אויף דער טעריטאָריע פֿון סאָוועטן־פֿארבאנד, און יעדער מענטש דאַרף זי נאָכפֿאָלגן מיט זיין גאנצן לייב און לעבן. אָבער כדי צו קענען זי נאָכפֿאָלגן ווי געהעריג מוז מען זיין גוט באקאנט מיט דעם זעקסטל פֿון דער ערד, וואָס הייסט „סאָוועטנלאנד".

א פֿרומער מענטש וואָלט געזאָגט, אז גאָט אַליין האָט אונז איצט צוגעשיקט אַזאַ בוך, אַזאַ האנט־בוך, וואָס גיט אונז די מעגלעכקייט זיך אַלזייטיג באקענען און פֿארשטיין דעם סאָוועטן־פֿארבאנד. אַט־דעם צוועק האָט זיך געשטעלט היולעט דזשאנסאָן מיט זיין בוך „סאָוועטנלאנד", און ער האָט דעם צוועק גלענצנדיג פֿארווירקלעכט. ס'איז באמת איינס „פֿון יענע גרויסע ווערק, וואָס לאָזן איבער א צייכן אין דער געשיכטע פֿון דער מענטשהייט".

היולעט דזשאנסאָן איז איינער פֿון די העכסטע און עלטסטע גייסט־לעכע פֿון דער ענגלישער קירך. אויך א באוואוסטער אינזשינער און וויסנ־שאפֿטסמאן. אַליין געווען אַי אַן ארבעטער, אַי א פֿאבריקאנט, געווען אָרים און געווען רייך, אָבער געווען זיין גאנץ לעבן א קעמפֿער פֿאַר יושר און גערעכטיגקייט. און דערפֿאַר איז ער געווען זייער צוגעפּאסט דורכ־צופֿירן א גרינטלעכן שטודיום פֿון סאָוועטן־פֿארבאנד. ער האָט אים ניט נאָר שטודירט אַלע יאָרן אין לאָנדאָן, נאָר איז אויך געפֿאָרן און אים טאקע שטודירט אויף אָן אָרט, אין סאָוועטן־פֿארבאנד גופֿא.

זיין אייגענע ביאָגראפֿיע, וואָס היולעט דזשאנסאָן גיט אַלס אַן ארייג־פֿיר, איז אַליין אַן אינטערעסאנט, זעלבסטשטענדיג בוך. מיר געפֿינען דאָרטן אַן אויסערגעוויינלעך־שפּאנענדיגע געשיכטע וועגן דעם מערקווירדיגן גאנג און וועג פֿון א מענטשן צום סאָציאַליזם ,צום קאָמוניזם, צום סאָוועטנלאנד. דער מענטש איז איינער פֿון די געבילדעטסטע אין ענגלאנד און אויף דער גאנצער וועלט. דער מענטש איז גלייכצייטיג איינער פֿון די אקטיווסטע געזעלשאפֿטלעכע טוער אין ענגלאנד. ער האָט ניט נאָר א סך געלערנט פֿון ביכער, נאָר געלערנט נאָכמער פֿון לעבן. „אין דער לערע ביים לעבן" איז ניט אומזיסט ביי אים א קעפּל איבער א קאפּיטל פֿון בוך. און ניט אומזיסט דערמאָנען א סך שטעלן אין זיין ביאָגראפֿיע אָן מאקסים גאָרקי'ס „מיינע אוניווערזיטעטן".

היולעט דזשאנסאָן האָט אין בוך ניט נאָר געגעבן אַן אַלזייטיג בילד פֿון סאָוועטן־פֿארבאנד, נאָר ער האָט נאָך דאָרטן ארייגעפֿרעסט די געשיכטע פֿון דער קולטור, פֿון דער ציוויליזאציע, פֿון דער וויסנשאפֿט, פֿון דעם קלאסן־קאמף. ער האָט דאָס באוויזן א דאנק זיין אומגעוויינלעכן צמצום'דיגן, וויסנשאפֿטלעכן, אפֿאָריסטישן, דעפֿיניציע־מעסיגן סטיל, כאָטש גלייכצייטיג קלאָרן, איינפֿאכן און פּאָפּולערן.

אין די 384 זייטן (פֿון דער אידישער אויסגאבע) האָט ער אונז געגעבן ניט נאָר א זעלטענעם האנט־בוך וועגן סאָוועטן־פֿארבאנד נאָר א גאנצע

ענציקלאָפּעדיע, מיט אַ קינסטלערישער ביאָגראַפיע פון אַן אומגעוויינלעך־אינטערעסאַנטן מענטשן אַלס אַ צוגאַב.

און אַפילו די „פּראָזאַאישסטע" קאַפּיטלען וועגן דער סאָוועטישער אינדוסטריע, צום ביישפּיל, וואָס האָבן אַ סך סטאַטיסטישע ציפערן, א. א. וו., לייענען זיך מיט דער גרעסטער שפּאַנונג, לייענען זיך מיט פּונקט אַזוי־פיל פאַרכאַפּונג, ווי גוטע פּאָעמעס, ווי די בעסטע בעלעטריסטישע ווערק. און איבער אַלץ מאַכט אויף אייך דעם גרעסטן איינדרוק די אומגעוויינלעכע אויפריכטיגקייט, איך וואָלט געזאָגט, נביא'אישע אויפריכטיגקייט און וואַרים־קייט און האַרציגקייט.

יאָ, אַ נביא. אַן אמת'ער, ניט קיין פאַלשער נביא. ער איז ניט געווען פון „די נביאים פון צוזאַמענבראָך", ווי היולעט דזשאָנסאָן האָט אָנגערופן די כלומר'שטע „עקספּערטן" און שטאַטסלייט, רעגירונגס־פירער אין ענג־לאַנד און אַמעריקע, וואָס האָבן נאָכ'ן נאַצי־אָנפאַל אויפ'ן סאָוועטן־פאַרבאַנד פאַראויסגעזאָגט דעם צוזאַמענבראָך פון סאָוועטן־לאַנד אין געציילטע וואָכן, און אויף מער ווי 3 חדשים האָט כמעט קיינער פון זיי אַפילו דורך אַ נס זיך ניט געקענט פאַרשטעלן. וועגן אַ נאַצי־מפּלה האָבן זיי אַפילו ניט געוואָלט חלום'ען.

שוין אויפ'ן פינפטן טאָג נאָך דעם נאַצישן איבערפאַל האָט דזשאָנסאָן עפנטלעך אויסגעלאַכט די „עקספּערטן", און זיי אָנגערופן „די נביאים פון צוזאַמענבראָך". זיי זיינען געווען פאַלשע נביאים, ווייל, ווי היולעט דזשאָנסאָן באַווייזט, זיי האָבן קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען און ניט געוואָלט פאַרשטיין דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. און געזוגט האָט די „נביאות" פון היולעט דזשאָנסאָן, ווייל זיין קוק אויפ'ן סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט זיך אַמווינציגסטן געשטיצט אויף „נביאות". ער האָט געשעפּן זיין קוק אויף דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד דורך אַ גרינטלעכן וויסנשאַפטלעכן שטודיום. דער פאַר איז זיין בוך געווען ווערטפול. דערפאַר איז דאָס בוך היסטאָריש, פון וועלט־באַדייטונג.

היולעט דזשאָנסאָן, דער דין פון קענטערבורי, איז געווען פאַראינטערעסירט בלויז אין דעם אמת. ער האָט געהאַט אַ סך אויסצושטיין פאַר זיינע אָנשווי־אונגען וועגן סאָוועטן־פאַרבאַנד. אָבער איצט זעען איין אַלץ מער און מער מענטשן אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע, אַז היולעט דזשאָנסאָן איז געווען גערעכט, אַז דער אמת איז אויף זיין זייט, אַז ער איז דער ראַיעלסטער עקספּערט, דער א מ ת ' ע ר נביא.

דזשאָנסאָן האָט גרינטלעך שטודירט אויך די גאַנצע ליטעראַטור, וואָס איז דערשינען וועגן סאָוועטן־פאַרבאַנד, סיי פון פריינט, סיי פון פיינט. ער האָט אַפילו געלייענט די יודזשין לאַיאָנס'עס און ענלעכע ביטערע שונאים. ער אַרגומענטירט מיט זיי אין זיין בוך און באַווייזט זייערע טעות'ן אָדער פאַלשקייטן.

דזשאָנסאָן רעדט אויך וועגן נעגאַטיווע דערשיינונגען, וואָס ער האָט

געפונען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. אַ סך זאַכן קריטיקירט ער, אָבער ער טוט דאָס ווי אַ וויסנשאַפטסמאַן, ווי אַ קאָנסטרוקטיווער קריטיקער, ער פאַר־שטייט אויסגעצייכנט די אורזאַכן פאַר דעם שלעכטן, וואָס איז נאָך דאָרטן פאַראַן.

ס׳איז שווער אַרויסצוברענגען אין קורצן דעם פולן און גוואַלדיגן באַטייט פון דעם בוך. איך האָב ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו ברענגען וועלכע עס איז ציטאַטן. איך האָב ניט קיין מעגלעכקייט איבערצוגעבן כאָטש דעם אינהאַלט־פאַרצייכעניש, די אינטערעסאַנטע נעמען פון די קאַפּיטלען. איך קען זיך ניט אָפּשטעלן אַפילו אויף דעם ספּעציעלן אינטערעסאַנטן קאַ־פּיטל וועגן אידן („אַרויס פון דער געטאָ״) אין דעם ווערק.

עס קומט באמת אַ סך לויב דעם פאָלקס־פאַרלאַג פון דעם אינטער־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־אָרדן, וועלכער האָט געמאַכט צוגענגלעך אָט־דעם גייסטיגן אוצר צו די אידישע מאַסן דורך איבערזעצן אים אויף אידיש. אַזאַ בוך דאַרף פאַרשפּרייט ווערן אין די מיליאָנען. די ענגלישע אויפלאַגע דערשיינט טאַקע אין אַ מיליאָן עקזעמפּליאַרן. אַזאַ בוך דאַרף געלייענט ווערן פון יעדן באַוואוסטזיניגן מענטשן. אַזאַ בוך דאַרף זיך געפינען אין יעדער היים, אין יעדער אידישער שטוב.

צום סוף וויל איך ברענגען די פאָלגנדיגע שורות פון היולעט דזשאָנ־סאָנ׳ס בוך צום אַמעריקאַנער אַרבעטער־קלאַס: „...מיט שטאָלץ בינד איך צו מיין פאָן צו דער מאַסט פון דער נייער ציוויליזאַציע. און ניט מיט ווייניגער שטאָלץ פאָדער איך פון דעם אַמעריקאַנער אַרבעטער־קלאַס און פון אַלע מיינע פריינט אין יענעם גרויסן לאַנד, אַז זיי זאָלן מיט דיסציפּלין און איינינקייט אָנווענדן זייער גאַנצע שעפערישע ענערגיע בייטאָג און ביינאַכט פאַר דער אומגעהויערער אויפגאַבע צו באַזאָרגן זייערע ברידער און חברים דאָ און אין סאָוועטן־פאַרבאַנד מיט יעדן נויטיגן וואָפן. איך וויים פון זייערער ביטערער דערפאַרונג וואָס פאַר אַ הילפלאָזיגקייט ס׳ווערט נעשאַפן דורך אַ מאַנגל פון וואָפן אין די פראָנט־רייען. כינע, עטיאָפּיע און שפּאַניע זיינען באַזיגט געוואָרן, ווייל העלדישע מענער דאַרפן האָבן מער ווי ווערטער פאַר זייער פאַרטיידיגונג. זיי דאַרפן האָבן אַלערליי מאַשינען און וואָפן ווי זייערע שונאים באַזיצן״.

איר וועט זיין אַ בעסערער קעמפער געגן פאַשיזם נאָכ׳ן איבערלייענען „סאָוועטנלאַנד״ פון היולעט דזשאָנסאָן, דין פון קענטערבורי.

## נאָך אַ בוך

ס׳איז שוין אַרויס פון דרוק נאָך „אַ בוך, וואָס דאַרף זיך געפינען אין יעדער אידישער היים״, ווי עס איז געווען דער קאָפּ איבער מיין אַרטיקל („מאָרגן־פרייהייט״, אָקטאָבער 2, 1941) וועגן בוך „סאָוועטנלאַנד״ פון היולעט דזשאָנסאָן, דין אָוו קענטערבורי.

ס׳איז ערשט דערשינען דאָס נייע בוך פון דין אָוו קענטערבורי „דער

סוד פון דער סאָוועטישער גבורה", וואָס איז ווידער פון גרויסער היסטאָ־רישער באַדייטונג.

לעצטנס זיינען אויך אין אַמעריקע געווען פאַרשפּרייט די אויסדרוקן „ביכער זיינען וואָפן" (דאָס איז אפילו געווען געזאָגט פון פּרעזידענט רוזוועלט׳ן), אָדער „ווערטער זיינען קוילן" (ווי עס איז איצט דער נאָמען פון אַ ראַדיאָ־שטונדע). אָבער אפילו די ריכטיגע אויסדרוקן זיינען שוין איצט פאַרעלטערט. די נייעסטע וואָפן און קוילן זיינען „בלאָק־באָסטערס". אויף צו שמעטערן בערלין באַנוצט מען ניט קיין געוויינלעכע באָמבעס, נאָר „בלאָק־באָסטערס", וואָס רייסן אויף גאַנצע קוואַרטאַלן פאַראַמאָל. און לעצטנס האָט מען שוין געשריבן וועגן דער טעהעראַן־קאָנפערענץ אַלס אַ מיליטערישן און דיפּלאָמאַטישן „בלאָק־באָסטער".

דאָס נייע בוך פון דין און קענטערבורי איז אַ ל י ט ע ר אַ ר י ש ע ר „ב ל אָ ק־ב אָ ס ט ע ר". אַזוינס איז אויך געווען דאָס ערשטע בוך פון היולעט דזשאַנסאָן. וועט מען שוין איצט קאָנען זאָגן: ביכער זיינען בלאָק־באָסטערס, ביכער קאָנען אויך קערן וועלטן. אַזעלכע ביכער, וואָס מאַכן געשיכטע, זיינען דעם „דינ׳ס" ביכער. ניט אומזיסט איז זיין ערשט בוך „סאָוועט פּאַוער", וואָס איז געשריבן געוואָרן נאָך פאַר דעם נאַצישן איבערפאַל אויפ׳ן סאָוועטן־פאַרבאַנד, פאַרשפּרייט געוואָרן אין א י ב ע ר צ וו יי מ י ל י אָ ן ע ק ז ע מ פּ ל י אַ ר ן אין דער ענגלישער שפּראַך אַליין און איז אויך איבערזעצט געוואָרן אין צוועלף אַנדערע שפּראַכן, אַריינגערעכנט א י ד י ש, די זעלבע, און אויב נישט נאָך אַ העכערע און גרעסערע פאַרשפּרייטונג, איז אויך באַשערט דעם נייעם בוך, וואָס איז אין געוויסע הינזיכטן אַ קיצור, ווי אַ דערגענצונג פונ׳ם ערשטן, און אין אַ געוויסן זין פאַרמאָגט עס נאָך מער מעלות.

אַ שטאַרקע מעלה פון דעם נייעם בוך איז אויך דאָס וואָס עס איז אַ העלפט די גרויס פון דעם ערשטן — אַרום 200 זייטן. און דער וואונדער איז נאָך גרעסער, וואָס אין דער קליינער צאָל זייטן האָט היולעט דזשאַנסאָן באַוויזן אַריינצופּאַקן אַן אוצר פון פאַקטן און מאַטעריאַלן וועגן סאָוועטן־פאַרבאַנד. זיי לייענען זיך מיט דער גרעסטער שפּאַנונג און אינטערעס און דעקן אויף דעם סוד פון דער סאָוועטישער גבורה.

דאָס נייע בוך איז שוין געשריבן געוואָרן אין דעם ליכט פון דער דערפאַרונג פון די לעצטע צוויי יאָר סאָוועטיש־דייטשער מלחמה, צוויי יאָר, וואָס האָבן אויפגעשטורעמט די וועלט, וואָס האָבן איינגעשלאָסן די קאַמפן ביי לענינגראַד, מאָסקווע, קיעוו, סעוואַסטאָפּאָל, סטאַלינגראַד, כאַרקאָוו, און געבראַכט צו די קאָנפערענצן אין מאָסקווע, קאַירא, טעהעראַן, צו אַן איבערשאַצונג פון אַלע ווערטן, און באַזונדערס דעם ווערט פון סאָוועטן־פאַרבאַנד.

„צוויי יאָר האָבן צוגעשטעלט די ענדגילטיגע פראַגע צו דער סאָוועטישער סיסטעם. רוסלאַנד שטייט פעסט. די גאַנצע פּראָגרעסיווע מענטש־

הײַנט איז געוואָרן אַ בעל־חוב צו רוסלאַנד. אויב עס זאָל ניט האָבן געווען קיין סאָציאַליזם אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָלט ניט געווען קיין געזיכערטקייט אין ענגלאַנד. נאָכמער, ענגלאַנד וואָלט שוין מער ניט עקזיסטירט אַלס אַזאַ. און דער אויסקוק פאַר די פאַראייניגטע שטאַטן פון אַמעריקע וואָלט אין 1943 געווען פּונקט אַזוי פאַרצווייפלט, ווי ער איז געווען פאַר אונז אין 1940. עס איז ניטאָ קיין איין מענטש אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע, וואָס זאָל ניט דאַרפן זײַן פול מיט דאַנקבאַרקייט פאַר דער סאָוועטישער העלדישקייט און פאַר דער סאָוועטישער סיסטעם און פּירערשאַפט".

אָט דעם גרונט־געדאַנק שטרײַכט אונטער דער דין אָוו קענטערבורי אין דער פאָררעדע צו דער אַמעריקאַנער אויפלאַגע פון זײַן בוך. „סאָוועט־רוסלאַנד איז דאָס איינציגע לאַנד, וואָס איז געשטאַנען צווישן היטלער'ן און וועלט־באַהערשונג", ווי ער זאָגט אויף זייט 15. און די גאַנצע פּראָ־גרעסיווע מענטשהייט איז דעריבער שולדיג אַ חוב דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד פאַר'ן ראַטעווען זי פון דעם היטלעריזם און פאַשיזם. גלײַכצײַטיג שטרײַכט ער אונטער נאָך אַ גרונט־געדאַנק, אַז געראַטעוועט די וועלט האָט די סאָווע־טישע סיסטעם און פּירערשאַפט, די סאָוועטישע העלדישקייט, און אַז דאָס איז דער סוד פון דער סאָוועטישער גבורה . . .

די גאַנצע וועלט באַוואונדערט איצט דעם ריזיגן דערפאָלגרײַכן קאַמף פון דער רויטער אַרמיי און דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד געגן די היטלעריסטישע האָרדעס. זייער איבערמענטשלעכן אויסדויער און מסירת־נפש. די מענטשן, וואָס האָבן אַלע יאָרן געגלייבט די שענדלעכסטע אַנטי־סאָוועטישע פאַר־לוימדונגען, זײַנען איצט פּריטשמעליעט, פאַרגאַפט, דערשטוינט פון דעם גרויסן וואונדער. ניט קאָנענדיג פאַרלייקענען און באַהאַלטן די וואונדער־לעכע דערגרייכונגען פון סאָוועט־רוסלאַנד, פּרובירן אָבער די מערסטע בורזשואזע שרײַבער עס צו פאַרוואַנדלען אין אַ רעטעניש, אַ ספינקס, אַ נס מן השמים, אַ גאָט־זאַך, אָדער זיי פּרובירן עס דערקלערן דורך ביאָלאָ־גישע, מיסטישע און נאַציאָנאַלע מאָטיוון אין דעם כאַראַקטער פון רוסישן פאָלק אָדער רוסישן סאָלדאַט. זיי ווילן אָבער ניט צוגעבן, אָדער האָבן מורא צוצוגעבן, אַז דער סוד פון דער סאָוועטישער גבורה ליגט דער עיקר אין דעם סאָציאַליסטישן כאַראַקטער פון דער סאָוועטישער סיסטעם. און דאָס מאַכט אַזוי גלענצנדיג קלאָר פאַר אונז דער דין פון קענטערבורי אין זײַן נייעם בוך.

„רוסלאַנד'ס קראַפט . . . ליגט אין אירע מאָראַלע און וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען. רוסלאַנד האָט אײַנגעפירט דעם מאָראַלישן פּרינציפּ און וויסנשאַפטלעכן מעטאָד אין דעם האַרץ פון פּראָדוקטיוון לעבן. דאָס איז די הויפּט אורזאַך פון איר אומפאַרגלײַכלעכע קראַפט". „...הינטער רוס־לאַנד'ס גבורה אין קריג שטעקט איר גבורה אין פרידן. רוסלאַנד איז שטאַרק אין דער קונסט פון קריג, ווײַל זי איז געווען שטאַרק אין דער

קונסט פון פרידן. שטאַרק אין שלאַכט, ווייל שטאַרק אין אינדוסטריע, אין אגריקולטור, אין סקולס און קאָלעדזשעס, אין וויסנשאַפט און שפּיטאָלן".

אזוי האָט דאָס פאָרמולירט דער דין אָוו קענטערבורי, און אין אַלע קאַפּיטלען פון דעם נייעם בוך באַוויזן מיט אַ שלל פאַקטן און ציפערן די סאָוועטישע קראַפט אין פרידן, איר שטאַרקייט אין אינדוסטריע, אגריקולטור, סקולס, וויסנשאַפט, קונסט, קולטור, שפּיטאָלן, א. אז. וו. די פאָרמולירונג דערמאָנט אָן סטאַלינ'ס פאָלגנדיגע גאָלדענע ווערטער אין איינער פון זיינע לעצטע רעדעס: „די סאָוועטישע מלוכה איז ניט נאָר די בעסטע פאָרם פון אָרגאַניזאַציע אין דער בויאונג פון אַ לאַנד אין פרידן, נאָר איז אויך די בעסטע פאָרם צו פאַראייניגן אַלע קרעפטן פון פאָלק אָפּצושלאָגן דעם שונא".

דער „דין" איז אויך געגאַנגען ווייטער און טיפער. ער האָט אויס־געפונען, אַז כדי צו פאַרשטיין דעם סוד פון דער סאָוועטישער גבורה מוז מען באַגרייפן די קאָלאָסאַלע ראָלע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין סאָוועטן־רוסלאַנד. ער האָט פעסטגעשטעלט, אַז דער סאָציאַליסטישער כאַראַקטער פון דער סאָוועטישער סיסטעם, די נשמה און דער רוקן־ביין פון דער סאָציאַליסטישער מלוכה, איז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי:

„אָן אַזאַ פּאַרטיי וואָלט רוסלאַנד קיינמאָל ניט געקאָנט אַריבער־טראָגן די קלעפּ־אויפטרייסלונגען און אויפהאַלטן די פאַרבינדונג צווישן ווילן און צוועק דורך די שרעקלעכע פינף מיט אַ האַלב חדשים פון מפּלה און צוריקטריט, וואָס האָבן נאָכגעפאָלגט היטלער'ס ערשטע אַטאַקע. זי איז געווען דער אייזערנער קערן פון אייניגקייט און אַנטשלאָסנקייט, וואָס האָט געמאַכט מעגלעך דאָס וואָס איז אפשר דער גרעסטער קונץ אין דער מיליטערישער געשיכטע: האָט פאַרוואַנדלט אַ צוריקטריט פון אַכט הונדערט מייל אָן שום אָפּשטעל און וואַקלונג אין דער לאַנגער און עפעקטיווער קאָנטער־אָפענסיווע. ...עס איז געווען רוסלאַנד'ס ווילן, אויסגעדריקט דורך דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וואָס האָט געראַטעוועט רוסלאַנד און די וועלט אין 1941 און 1942".

„דער סוד פון דער סאָוועטישער גבורה" באַשטייט אין דער אמת'ן פון צוויי ביכער — אַזוי רופט זיי טאַקע דער אויטאָר אַליין. דער ערשטער טייל, אָדער ערשטער בוך „דער נייער וועג", באַהאַנדלט דער עיקר די מאַטעריעלע סאָוועטישע דערגרייכונגען. דאָס צווייטע בוך „דאָס נייע לעבן" באַהאַנדלט שוין דעם נייעם לעבנס־שטייגער, ווי קינדער, פרויען, מענער, פעלקער און אַזעלכע טעמעס, ווי קולטור, מאָראַליטעט, פרייהייט און רעליגיע.

דאָס ערשטע בוך פאַרמאָגט די פאָלגנדיגע 12 קאַפּיטלען: 1) סאָוועט־טישער בוח אין קריג. 2) דער מאָראַלישער סוד פון דער סאָוועטישער גבורה. 3) רוסלאַנד'ס פינף יאָר פּלענער. 4) וויסנשאַפט אין סאָוועטישן לעבן. 5) רוסלאַנד'ס זעקסטל פון דער וועלט. 6) רוסלאַנד'ס נאַטירלעכע

רייכטימער. 7) רוסלאנד'ס זיך בייטנדיגע אינדוסטריעלע מאפע. 8) איינ־שפאנונג (אדער די אויסנוצונג) פון דער זון־קראפט. 9) צוגרייטן מאטע־ריאלן. 10) מאכן מאשינעס. 11) גערעטענישן פון פעלד און פארם. 12) וואוקס פון שטעט.

דאס צווייטע בוך באשטייט פון די פאלגנדיגע: 1) קינדהייט. 2) מענערשאפט. 3) פרויענשאפט. 4) פעלקערשאפט. 5) וועגן צו געזונט. 6) וועגן צו קולטור. 7) וועגן צו פרייהייט. 8) וועגן צו מאראליטעט. 9) וועגן צו רעליגיע. 10) די מענטשן, וואס האבן דאס געטאן.

איך קאן זיך לענגער ניט אפשטעלן אויף דעם „דינ'ס" מערקווירדיגע „וועגן" און קאפיטלען, אויף דעם מערקווירדיגן בוך פון אט־דעם מערק־ווירדיגן מענטשן. איך קאן זיך אפילו ניט אפשטעלן אויף דעם זעלטענעם קאפיטל וועגן קולטור, וואס איז מיר באזונדערס נאענט, ווי אויף די העכסט דראמאטישע קאפיטלען וועגן די סאוועטישע פרויען, קינדער, מענער און פעלקער אדער אויף די אויסערגעוויינלעכע מענטשלעך־רירנדיגע פארטרעטן פון לענין און סטאלין.

אזא בוך דארף פארשפרייט ווערן אין די מיליאנען. אט־דער גייסטי־גער אוצר דארף אינגיכן ווערן צוגענגלעך צו די ברייטסטע אידישע מאסן דורך א אידישער איבערזעצונג. אזא בוך דארף געלייענט ווערן, מוז געלייענט ווערן, פון יעדן באוואוסטזיניגן מענטשן. אזא בוך דארף זיך געפינען אין יעדער היים, אין יעדער אידישער שטוב.

דעצעמבער 19, 1943.

# אַ רייזע אין דער צוקונפט

אַ רייזע קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד איז אַ רייזע אין דער צוקונפט. דאָס האָט, דוכט זיך, חבר אַלגין אַמאָל געשריבן. איך וועל פּרואוון זיך טיילן מיט די איינדרוקן פון מיין רייזע אין דעם צוקונפט־לאַנד, וואו עס רעגירט דער קלאַס פון דער צוקונפט, וואו די צוקונפט איז שוין געוואָרן געגנוואַרט.

אָבער אויך אין אַלע אַנדערע לענדער געפינען מיר שוין שטיקער צו־קונפט, די בריקן, וואָס פירן פון דער קאַפּיטאַליסטישער געגנוואַרט צו דער פּראָלעטאַרישער צוקונפט. דאָס זיינען די פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען, די אָרגאַניזאַציעס און טעטיגקייטן פון די אַרבעטער אין יעדן לאַנד.

אויף מיין רייזע קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד איבער פראַנקרייך, דייטשלאַנד און אַנדערע לענדער, וועל איך פּרואוון באַשרייבן אָט־די רויטע צוקונפט־אינזלען אין דעם שוואַרצן עקספּלואַטאַציע־ים, די לענין־ווינקלען אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. אין דעם בריוו וועל איך פּרואוון איבערגעבן מיינע איינדרוקן פון מיין רייזע פון ניו יאָרק קיין האַוור אויף דער שיף „איל דע פראַנס".

שוין די שיף אַליין האָט מיך פאַרבונדן מיט'ן סאָוועטן - פאַרבאַנד. שטיקלעך צוקונפט האָב איך שוין באַגעגנט אַפילו דאָרט. ערשטנס, האָט די שיף געפירט פּאָסט פון אַמעריקע קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד. דאָס האָב איך געלייענט נאָך פאַר מיין אַרויספאָרן אין דער „טאַימס", אַז די „איל דע פראַנס" פירט פּאָסט צו דער „יוניאָן אָוו סאָשעליסט סאָוויעט ריפּאָבליקס". צווישן דער פּאָסט זיינען מסתמא אויך געווען עקזעמפּליאַרן פון דער „מאָר־גען־פרייהייט". צווייטנס, זיינען אויפן שיף געפאָרן אַ צאָל אידישע און ניט־אידישע אַרבעטער קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד, איינגעשלאָסן לעזער פון דער „מאָרגן־פרייהייט". דאָס האָב איך זיך דערוואוסט, ווען אַ אידישער אַרבע־טער האָט זיך מיט מיר פאַנאַנדערגערעדט עטלעכע שעה נאָכדעם ווי די שיף האָט פאַרלאָזן דעם ניו יאָרקער האַפן. דער אַרבעטער האָט מיר געזאָגט, אַז אויף דער שיף דאַרף זיך געפינען פאַמעראַנץ פון דער „מאָרגן־פרייהייט". ער האָט דאָס געלייענט אין דער היינטיגער שבת'דיגער ציימונג, וועלכע ער האָט געהאַט מיט זיך. גראַדע האָב איך ניט געהאַט באַוויזן דעמאָלט צו לייענען דעם שבת'דיגן נומער (איך בין שבת אינדערפרי אָפּגעפאָרן פון ניו יאָרק) און צו לייענען דעם נאָטיץ וועגן זיך. דער אַרבעטער האָט זיך געפילט זייער גוט, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן דעם בעל דבר אַליין און פאָרט טאַקע מיט אים צוזאַמען אין דריטן קלאַס.

און דאָ טאַקע אין דעם דריטן קלאַס קאָן מען זען אַמבעסטן די טיפקייט

פון דעם עקאָנאָמישן קריזיס אין אַמעריקע. דאָ דערזעט מען פאַר זיך אַ ריזיגע מאַסן־אויסוואַנדערונג פון אַמעריקע. איך האָב געזען פאַר זיך אויפ׳ן שיף דאָס זעלבע בילד, ווי אין יאָר 1921, ווען ס׳איז פאָרגעקומען די מאַסן־איינוואַנדערונג אין די פאַראייניגטע שטאַטן, ווען מ׳איז געלאָפן פון פּוילן און פון די אַנדערע אייראָפּייאישע מלוכות. איצט האָבן זיך די יוצרות געביטן.

אויב אין דעם ערשטן און צווייטן קלאַס פון דער „איל דע פראַנס" זיינען געווען זייער ווייניג פּאַרער, איז אָבער דער דריטער קלאַס געווען איבערגעפּאַקט, און אַפילו אין שפּיטאָל זיינען געווען אויסגעשטעלט בעטלעך, ווייל עס האָבן געפעלט קאַבינעס. עס זיינען געפאָרן מערסטנס פּאָליאַקן, טשעכאָסלאָוואַקן, אונגאַרן, איטאַליענער, שפּאַניער און אַ צאָל פראַנצויזן. דאָס זיינען אַלץ געווען שווערע אַרבעטער, וואָס זיינען שוין אָפּגעווען צען, פופצן און אַפילו צוואַנציג יאָר און מער אין די פאַראייניגטע שטאַטן. אַ גרויסע צאָל פון זיי זיינען שוין געווען אַמעריקאַנער בירגער און האָבן געבוירן קינדער אין אַמעריקע. יעדערער פון זיי האָט געהאַט צו דערציילן פון לאַנגע חדשים און יאָרן פון אַרבעטלאָזיגקייט אין די פאַראייניגטע שטאַטן. ווען איך האָב זיי געפרעגט, צי זיי ווייסן, אַז אין פּוילן, טשעכאָסלאָוואַקיע אָדער איטאַליע הערשט איצט אויך אַ קריזיס, האָבן זיי מיר פשוט געענטפערט, אַז ערגער ווי שלעכט קאָן שוין ניט זיין. זיי ווייסן, אַז אין זייערע היימלענדער איז אויך ביטער, אָבער אַ סך פון זיי האָבן דאָרטן קרובים און אַ סך האָפן מיט זייער ביסל אָפּגעשפּאָרטע דאָלאַרן פאַר די לאַנגע יאָרן פראַצע אין אַמעריקע זיך צוריק באַזעצן אויף אַ שטיקל באָדן, אים באַאַרבעטן און ציען דערפון חיונה. ווייל אין אַמעריקע, האָבן זיי מיר געזאָגט, וואָלטן זיי דאָס געלט אַלץ איינס אויפגעגעסן אין עטלעכע חדשים צייט און געדאַרפט אויסגיין פון הונגער.

אין אַלגעמיין האָט זיך דאָ שטאַרק געפילט די איצטיגע אויפרודערונג פון דער גאַנצער וועלט. אונזער קליינע גרופּע האָט זיך אַקטיוו באַטייליגט אין די דיסקוסיעס און אויך אויפ׳ן שיף געטאָן גוטע אַרבעט.

מיר איז אויסגעקומען צו עסן ביי איין טיש מיט אַ יונגן פראַנצויז, וואָס האָט גערעדט אַ גוטן ענגליש. האָט ער מיר דערציילט, אַז ער איז געווען פינף יאָר אין מינעסאָטאַ סטעיט און געאַרבעט אויף אַ פאַרם ביי זיינעם אַן אָנקל. ער איז געפאָרן קיין פּאַריז זיך שטעלן צום מיליטער־דינסט. ער האָט ליב אַמעריקע און האָט ניט געוואָלט פאַרלאָזן די פאַראייניגטע שטאַטן, זאָגט ער מיר, נאָר די פראַנצויזישע רעגירונג האָט אים לעצטנס געצוואונגען זיך אומקערן קיין פראַנקרייך אריינצוטרעטן אין דער אַרמיי. זיינע גאַנצע רייזע קאָסטן האָט באַצאָלט פאַר אים די פראַנצויזישע רעגירונג. דער פראַנצויזישער אַמבאַסאַדאָר אין אַמעריקע האָט אים באַזאָרגט מיט אַ שיפס־קאַרט און די נויטיגע רייזע־הוצאות. אויף מיין פראַגע, פאַר וואָס ער איז ניט געוואָרן קיין אַמעריקאַנער בירגער, האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער האָט איבערגעלאָזן זיין משפחה אין פראַנקרייך און די פראַנ־

צווישע רעגירונג וואָלט אים באַטראַכט פֿאַר אַ רעזערטיר און געמשפּט אַלס אַזעלכן, ווען ער וואָלט ווען ניט איז שפּעטער אַנגעקומען אין פֿראַנקרייך. די פֿראַנצויזישע רעגירונג האָט אויסגעגעבן הונדערטער דאָלאַרס אַבי ניט צו פֿאַרלירן קיין איין סאָלדאַט פֿאַר איר אַרמיי.

דער פֿראַנצויזישער גייסט האָט זיך אויך געלאָזט פֿילן אין די מואַווים, וואָס די שיף־באַאַמטע האָבן געוויזן פֿאַר די פּאַסאַזשירן פֿון דריטן קלאַס אַ טאָג איבער אַ טאָג. דאָס איז געווען אַ טייל פֿון דער „גייסטיגער" שפּייז, וואָס זיי האָבן געגעבן די פּאַסאַזשירן. די מואַווים האָבן אַלע געהאַט צו טאָן מיט פֿראַנצויזישע סאָלדאַטן. דאָרטן זיינען אויסגעלאַכט געוואָרן די פּוילענצער און ניט געהאַרכזאַמע סאָלדאַטן. דער סוף המעשה איז, פֿאַר־שטייט זיך, געווען צוגעפּעפּערט אויפֿן פֿראַנצויזישן שטייגער מיט סענטי־מענטאַלקייט און עראָטיק. ניט בעסער זיינען געווען די אַנדערע פּראָווי־לונגען, וואָס זיי האָבן צוגעשטעלט די פּאַסאַזשירן.

אויף דער שיף איז געדרוקט געווען אַ טעגלעכער בולעטין, די שיף־ציימונג. די דריטע קלאַסניקעס פֿלעגט אָבער אָנקומען זייער שווער זי צו קריגן, כאָטש די מי האָט זיך זיכער ניט געלוינט. דער בולעטין האָט געהאַט דעם פֿאָרמאַט פֿון אַ גרויס זייטל פּאַפּיר. פֿלעגט איר דאָרט אַלע טאָג געפֿינען בלויז איין שטיקל אַלגעמיינע פּאָליטישע נייעס און דאָס איבעריגע פֿלעגן פֿאַרנעמען די ידיעות וועגן די רעזולטאַטן פֿון־די פֿערד־רייסעס אין אַמעריקע און אַמאָל אויך אַזעלכע נייעס, ווי פֿון די האָליוואָודער סטאַרס און פֿון זייערע וואַקאַציעס אין פֿראַנקרייך.

די פֿאַרטזעצונג פֿון דער סאָרט קולטור האָט זיך אויך אָפּגעשפּיגלט אין די שפּילערייען פֿון די קינדער. דאָס באַליבטסטע שפּיל פֿון די קינדער פֿון די אַמעריקאַנישע אויסוואַנדערער איז געווען גענגסטערס. זיי פֿלעגן נאָכ־מאַכן מיט אַלע פּיטשעווועקעס האָלד־אַפּס און גענגסטער־מלחמות, פֿון וועלכע זיי האָבן מסתמא געהערט און געזען אין די מואַווים. דערצו דאַרף מען נאָך צוגעבן די דזשעז־מוזיק פֿון די גראַמאָפֿאָן־פּליטן אין קליינעם פֿאַרזאַמל־צימער פֿון דריטן קלאַס און איר וועט האָבן פֿאַר זיך די גאַנצע קולטור אויף דער שיף. די זעלבע „גייסטיגע"" שפּייז פֿלעגט אויך געגעבן ווערן אויף אַ רייכערן שטייגער אין צווייטן און ערשטן קלאַס.

דערפֿאַר אָבער, אַז איר האָט געזען די פּראַכטפֿולע סאַלאָנען און שלאָף־צימערן פֿון די אַנדערע צוויי קלאַסן האָט אייך גוואַלדיג איבערראַשט דער קלאַסן־קאָנטראַסט אויף דער שיף. דעריבער אפשר האָט מען טאַקע שטרענג געהיט די דריטע קלאַסניקעס, זיי זאָלן זיך ניט אריינ'גנב'ענען אפילו אָנצו־קוקן די אַנדערע קלאַסן. דאָס וואָלט נאָך געקאָנט ביי זיי אַרויסרופֿן קלאַסן־קאַמף געדאַנקען וועגן דער גאַנצער עקזיסטירנדיגער אָרדענונג.

אַ ביישפּיל פֿון אום־ברחמנות'דיגער עקספּלואַטאַציע זיינען געווען די וועיטערס, וואָס סערווירן עסן די פּאַסאַזשירן פֿון דער שיף. זיי אַרבעטן פֿון פֿינף פֿאַרטאָג ביז עלף ביינאַכט מיט צוויי שעה צייט אינצווישן פֿאַר עסן

און אפרוען. פאר דעם 16־שעה׳דיגן ארבעטס־טאג קריגט דער וועיטער 475 פראנק א חודש. דאס באטרעפט 19 דאלאר. נאך ווייניגער ווי פינף דאלאר א וואך. און א סך פון זיי האבן געלאזן אין פראנקרייך פרויען מיט קינדער. אויף מיין פראגע, פארוואס די וועיטערס ארגאניזירן זיך ניט צו קעמפן פאר בעסערע לוינען, האט מיין וועיטער געענטפערט, אז פאר דעם מינדסטן אומחן ביי די שיף־באאמטע ווערט מען אפגעזאגט. און אין פראנקרייך, האט ער מיט א שמייכל צוגעגעבן, זיינען שוין אויך פאראן גענוג ארבעט־לאזע, וואס ווארטן גערן אויף אזא לוין.

די לאגע פון די מאטראזן און די שיף־ארבעטער איז נאך געוועזן אן ערגערע.

פאר דער פאעטישער און „מאיעסטעטישער" באשרייבונג פון מיין ים־רייזע פעלט מיר שוין פלאץ. גראדע האט זיך דער ים נישט געוואלט „ברוגז׳ן". דער ים איז די גאנצע צייט זייער „פאעטיש" רואיג. דערפאר זיינען די מענטשן, וואס זיינען געפארן אויף אים, געווען פול מיט אומרו, מיט רעוואלוציאנערער יוירונג און ברויזונג.

איך האב זיך אליין מקנא געווען, וואס דער ים ברענגט מיר אלץ נעענטער צום ציל, צום פראלעטארישן צוקונפט־לאנד, וואו עס פלאטערט די רויטע פאן פון סערפ און האמער; נעענטער צום רויטן פינף־עקיגן שטערן, וואס זאגט אן דעם העלן, ליכטיגן באגינען פון דער נייער וועלט.

יוני, 1932.

## צוויי פאריזן

פאריז — דער טרוים פון די גרעניטש־ווילעדזש און קאפע ראיאל קינסטלער און מעין סטריט בעביטס, דער אידעאל פון די לעב־יונגען, פאראזיטן און הולטאיעס פון גאר דער וועלט — פארלירט זיין רייץ. דער אוי־סערלעכער פרצוף פון פאריז איז נאך פארפוצט, פארפיומירט, מאסאזשירט און באדעקט מיט גלאנציגער שמינקע; אבער הינטער דער שמינקע זעט איר — איינגעפאלענע באקן, שווארצע פאסן אונטער די אויסגעלאשענע אויגן, א טיף־צערונצלט און צעקנייטשטע הויט — אן אפגעבליאקעוועטן, אפגעלעבטן, אפשטארבנדיגן קערפער.

פאריז איז שוין ניט וואס געווען, — זאגן צו מיר א פאר באקאנטע ניו יארקער מאלער, וואס דרייען זיך ארום ווי אבלים אויפן מאנט־פארנאס, דער צענטער פון די קינסטלער־קאפייען אין פאריז. אוועק די פריילעכקייט, די רווישיגקייט, די הוליע־קבצנ׳דיגקייט פון די פריערדיגע פראספעריטי־יארן. ס׳איז אומעטיג אויפ׳ן מאנט (בארג) פארנאס, ווי ס׳איז אומעטיג ביי די פאריזער פארנאס־ און פעגאס־קינסטלער. ווייניג טוריסטן זעט איר דארטן היינט, ווי אין פראנקרייך בכלל. און ספעציעל ווייניג אמעריקאנער אל־ראיטניקעס־טוריסטן, ביי וועמען די גרעניטש ווילעדזש און קאפע ראיאל קינסטלער פלעגן קאנען אמאל קריגן א גמילת חסד של אמת. ווער דארף היינט בילדער? ווער קויפט היינט קונסט?

אומעטום בושעוועט דער קריזיס. אומעטום קייקלט זיך דער קאפיטאַ־ליזם באַרג אראָפּ. דער קריזיס שניידט זיך אריין אַלץ טיפער אויך אין דער פראַנצויזישערווירטשאַפט. פאַר די לעצטע צוויי יאָר איז די פּראָדוקציע אין פראַנקרייך געפאַלן אויף 40 פּראָצענט. די ארבעטלאָזיגקייט וואַקסט. די צאָל ארבעטלאָזע דערגרייכט שוין אָנדערהאַלבן מיליאָן, און די צאָל, וואָס ארבעט ניט קיין פולע וואָכן, ניט ווייניגער פון דריי מיליאָן. און אויך פראַנקרייך שטעקט שוין איבער׳ן האַלז אין קריזיס.

די פּאַריזער געשעפטן האָבן שוין די באַקאַנטע אויפשריפטן: „קויפט איצט״, ווי אין די פּאַראייניגטע שטאַטן. מיט עטלעכע טעג צוריק האָבן אויף דער אַוועניו דע אָפּערא די גרעסטע קינסטלער פון פראַנקרייך זיך פּאַרוואַנדלט אין פּאַרקויפערס און פּאַרקויפערינס. די גרעסטע סטאַרס פון טעאַטער, באַלעט און מוזיק האָבן פּאַרקויפט זאַכן. אין אַלע גע־שעפטן האָבן די באַרימטע פראַנצויזישע שוישפּילער און שוישפּילערינס, ווי מיסטענגעט, מאַד. לאָטי, פּאַריזיס, מאַרי דיראָ, האַרי פּילסער, א. א. וו. פּאַרקויפט סחורה. דאָס איז געווען אַ דעמאָנסטראַציע פאַר׳ן פראַנצויזישן האַנדל. דאָס איז געווען אַ קינסטלעכער מיטל צו סטימולירן דעם האַנדל.

אָבער דאָס זיינען געווען באַבסקע רפואות, פּאַרשטייט זיך. דאָס האָט באַוויזן די טיפקייט פון דעם קריזיס. ס׳איז גוט צו קויפן, ווען מ׳האָט געלט. אָבער ווען מ׳איז ארבעטלאָז, ווען אייער לוין ווערט כסדר געשניטן, האָט איר ניט פאַרוואָס צו קויפן.

די פּראָגראַם פון דעם קייזערלעכן רעזשים אין דייטשלאַנד פאַר דער דייטשער פרוי איז כאַראַקטעריזירט געוואָרן דורך די באַרימטע דריי ק׳ופן: קיך, קינדער און קירכע. דער איינדרוק, וואָס פּאַריז מאַכט איצט אויף אַ טוריסט, קען כאַראַקטעריזירט ווערן דורך די זעקס וואָ׳ן: ווייַן, ווייב און וואַטער־קלאָזעטן.

צענדליגער טויזנטער וויין־געשעפטן און שיינקען צום טרינקען וויין און ביר זיינען פאַראַן אין פּאַריז. זיי געפינען זיך איינע לעבן די אַנדערע אומעטום, וואו איר זאָלט ניט שטיין און גיין. אומעטום געפינען זיך די שיינקען אָדער קאַפייען מיט ארויסגערוקטע שטולן און טישלעך אויפ׳ן טראָטואַר אונטער׳ן פרייען הימל. די גאַנצע פרייע צייט פון דער באַפעלקע־רונג ווערט פאַרשווענדט אין די קאַפייען. געסט לאַדט מען ניט איין צו זיך אהיים, נאָר אין אַ באַשטימטער קאַפע. אין דער היים קומט מען בלויז שלאָפן. אין די קאַפייען זיצט, עסט און טרינקט אָדער אפילו לייענט און שרייבט די גאַנצע פאַמיליע, דער מאַן, די פרוי און די קינדער.

אפשר נעמט זיך עס דערפון, וואָס געוויינלעך וואוינט די באַפעלקע־רונג אין זייער ענגע צימערלעך, אין די אַזוי־גערופענע וואַנץ־האָטעלן, און זי ווערט דעריבער געצוואונגען צו פאַרברענגען אויסער דער שטוב. אָבער דער צוואַנג האָט זיך שוין פאַרוואַנדלט אין פּאַריז אין אַ שטיק טראַדיציאָנעלן לעבנס־שטייגער, מיט וועלכן די פראַנצויזן שטאָלצירן.

און ווײַן טרינקען איז שוין אויך אַ לאַנגע אײַנגעפונדעוועטע טראַדיציע אין פראַנקרײַך. פראַנקרײַך איז אַ וועלט־צענטער פון דער ווײַן־פּראָדוקציע. עס קאָסט ביליג. גאַנץ פּאַריז מאַכט דעם אײַנדרוק פון אײן ריזיגן שײַנק.

און אַז מ׳טרינקט אַזוי פיל ווײַן און ביר מוז מען האָבן, זאָלט איר מיר מוחל זײַן, אַ סך וואַטער־קלאָזעטן. און זײ געפינען זיך טאַקע אין אַלע גאַסן, אין גרויסע צאָלן, וואו איר גײט זיך נאָר אַ קער. זײ זײַנען געבויט אין דער פאָרמע פון קײַלעכדיגע קיאָסקן און באַקלעפּט מיט פאַרשײדענע פּלאַקאַטן. מיר דוכט, אַז קײן שטאָט אין דער וועלט האָט ניט אַזוי פיל וואַטער־קלאָזעטן, ווי פּאַריז.

און נאָך אַ גרויסע אינדוסטריע פאַרמאָגט פּאַריז — דאָס איז פּראָסטי־טוציע. אין אָט דער אינדוסטריע אַמווײניגסטנס הערשט „פּראָספּעריטי״. וואָס גרעסער דער קריזיס — שטײַגט אַלץ מער די פּראָסטיטוציע. אײן עפנטלעכן פּראָסטיטוציע־הויז האָב איך אויך געזען אין דעם אידישן „פּלעצל״ געגנט.

צעפּוילט און פאַרפּעסטעט איז דאָס האַרץ פון דער אײראָפּײאישער קולטור און ציוויליזאַציע — פּאַריז.

דער ריטם פון פּאַריז איז אַ סך שטילער און דאָס לעבן — אַ סך געמיטלעכער ווי אין ניו יאָרק. די שטאָט איז אַלט, ניט געקאַלכט, פול מיט מאָנומענטן — אַ שטיק געשיכטע, אַ מוזײ. די נעמען פון די גאַסן רײדן צו אײַך געשיכטע, אָפט רעוואָלוציאָנערע געשיכטע. איר זעט אַזעלכע נעמען, ווי פּלאַס דע לאַ באַסטיל, ווענדאָם, מאַרס־פעלד, די טױלערי גערטנער, פּאַלע־ראָיאַל, דידראָ, גאַמבעטאַ, פיליפּ־אויגוסט, וויקטאָר הוגאָ זשאַן זשאָרעס, און אַזוי ווײַטער.

איר זעט נאָך די ווערסאַלער טויערן, די טריאומף־טויערן פאַר נאַפּאָ־לעאָנ׳ען, די באַסטיל, די פּער־לאַשעז סעמעטערי, די קאָמונאַרן־וואַנט און דעם קאָנקאָרד, וואו עס האָט געאַרבעט די גיליאָטינע. איצט איז עס דער צענטער פון שטאָט מיט פּראַכטפולע פאָנטאַנען און מיט דעם אָבעליסק, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט געבראַכט מיט זיך פון עגיפּטן.

אין דעם לואוור־מוזײ קאָן מען געפינען צוויי בילדער פון קורבע, דעם קונסט־מיניסטער אין דער פּאַריזער קאָמונע, און אײנס איז פון דער שלאַכט מיט די קאָמונאַרן. די בילדער זײַנען פאַררוקט אין אַ זײַט, ווי אויסגערעכנט מ׳זאָל עס ווייניגער זען, אַז קײן עין הרע זאָל עס ניט שאַטן.

אָבער ס׳איז פאַראַן אַ צווייטע פּאַריז. אין פּאַריז ווערט אויך געשאַפן נײַע געשיכטע. איך האָב שוין געשריבן וועגן דעם „רויטן גאַרטל״ אַרום פּאַריז, וועגן דעם סאַקאָ־וואַנזעטי סקוועער, וועגן דער סקאַטסבאָראָ־דעמאָנ־סטראַציע, א. אַז. וו. איך האָב שוין אויך געשריבן וועגן דער לעצטער גרויסער דעמאָנסטראַציע בײַ דער קאָמונאַרן־וואַנט.

אין די לעצטע פּאָר חדשים זײַנען אונטער דער פירערשאַפט פון דער פּאַרטײ פאָרגעקומען אין פּאַריז נאָך צוויי ריזיגע דעמאָנסטראַציעס, אין

וועלכע עם האָבן זיך באַטייליגט מער ווי הונדערט טויזנט אַרבעטער. איין דעמאָנסטראַציע איז געווען ביי דער לויה פון אַ פאַרשטאָרבענעם קאָמונאַר. די צווייטע איז געווען ביי דער לויה פון אַ בוי־אַרבעטער, וואָס איז דער־הרג׳עט געוואָרן פון דער פּאַריזער פּאָליציי. דאָס איז געווען אַ אידישער אַרבעטער פון פּוילן, וואָס איז שוין לאַנגע יאָרן געווען אין פראַנקרייך.

אין די לעצטע וואַלן האָט די פּאַרטיי געקראָגן 800,000 שטימען. ניט געקוקט אויף דער ריזיגער צאָל שטימען איז עס געווען ווייניגער ווי אין די פאַר־לעצטע וואַלן. די אַרבעטער־מאַסן זיינען אויף אַ ווײַלע פאַרפירט געוואָרן פון די פאַלשע צוזאָגן און פראַזן פון די אַזוי־גערופענע לינקע ראַדי־קאַלן און סאָציאַליסטן. ביז אַ געוויסן גראַד זיינען פאַר דעם אויך געווען פאַראַנטוואָרטלעך די שלעכט־אָנגעווענדעטע פּאָליסים פון דער פּאַרטיי, וועלכע זיינען לעצטנס פאַרריכט געוואָרן.

די לעצטע דעמאָנסטראַציעס האָבן אָבער באַוויזן, אַז די פאַרפירטע אַרבעטער האָבן זיך שנעל אויסגעטשוכעט פון די פאַלשע אילוזיעס און זיך צוריק אַ קער געטאָן צו דער פּאַרטיי. אין די לעצטע חדשים איז די אַרבעט פון דער פּאַרטיי און די רעוואָלוציאָנערע יוניאָנס און מאַסן־אָרגאַניזאַציעס אַוועק מיט נייעם אימפּעט און שוואונג.

די רעגירונג האָט עס באַלד דערפילט און אויף דעם געענטפערט מיט פאַרשטאַרקטע רעפּרעסיעס און אַרעסטן פון פירער און רעוואָלוציאָנערע טוער. אויך די נייע הערריאָ־רעגירונג, וואָס ווערט געשטיצט פון די סאָציאַ־ליסטן, זעצט פאָר די אונטערדריקונגס־פּאָליטיק פון דער פריערדיגער טאַר־דיע־רעגירונג. עס האָבן זיך, ספּעציעל נאָך דער גאַרגולאָוו־אַפּערע, פאַר־שטאַרקט די רעפּרעסיעס געגן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער אין דער פאָרם פון אַ העצע געגן אויסלענדער. די רעוואָלוציאָנערע טעטיגקייט ווערט דאָ געפירט אין כמעט אומלעגאַלע באַדינגונגען.

די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער האָבן אָבער אויך פאַרשטאַרקט דעם קאַמף געגן די נייסטע מאַנעוורעס פון דער רעגירונג. דער זיבעטער קאָנגרעס פון דעם יוגנט־פאַרבאַנד האָט זיך הויפּטזעכלעך באַשעפטיגט מיט דער פראַגע פון אָרגאַניזירן דעם קאַמף געגן דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה־געפאַר. די פּאַרטיי האָט אויך פאַררופן אַן אַנטי־מלחמה קאָנגרעס פון פאַרטרעטער פון אַלע ר׳עוואָלוציאָנערע אַרבעטער און פּויערים פון פראַנקרייך אַלס צוגרייטונג פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַלן מלחמה־קאָנגרעס. די פּאַרטיי פירט אויך אַ ברייטע קאַמפּאַניע געגן לוין־שניטן און פאַר דער באַפרייאונג פון די פּאָליטישע אַרעסטירטע.

אויך די רעוואָלוציאָנערע יוניאָנס ווערן לעצטנס שטאַרקער. די יוניאָנס נעמען שוין אַרום גרויסע מאַסן אַרבעטער פון אַ צאָל וויכטיגע סטראַטעגישע און גרונט־אינדוסטריען, ווי באַנען, א. א. ו. עס וואַקסט לעצטנס אויך אומגעהויער דער איינפלוס פון די רעוואָלוציאָנערע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס, ווי די אינטערנאַציאָנאַלע רויטע הילף, קאָאָפּעראַטיוון, א. א. ו. די אינ־

טערנאַציאָנאַלע רויטע הילף גיט דאָ אַרויס אַ גרויסע טעגלעכע צייטונג. בכלל פאַרמאָגט די פראַנצויזישע פּאַרטיי אַ מעכטיגע פּרעסע און קולטור־באַוועגונג. די צירקולאַציע פון דעם צענטראַל אָרגאַן „ל'הומאַניטע" אַליין גרייכט אין די הונדערטער טויזנטער.

עס וואַקסט אויך די אידישע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־באַוועגונג, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס די אידישע אַרבעטער קומט אויס צו לעבן אין באמת טראַגישע אומשטענדן. פון די רעפּרעסיעס געגן די אויסלענדער ליידט דאָ אַמשטאַרקסטן דער אידישער אַרבעטער־ישוב. די מערסטע אידישע אַרבעטער האָבן אהער איינגעוואַנדערט אין די לעצטע פיר־פינף יאָר פון די פאַשיסטישע לענדער, ווי פּוילן, ליטע, דייטשלאַנד, בעלגיע און קובאַ. דער גרעסטער טייל קומט פון פּוילן. אַ גרויסע צאָל פון די אריינגעקומענע זיינען פּאָליט־עמיגראַנטן, אַנטלאָפענע פון די פאַשיסטישע פאַרפאָלגונגען.

די פראַנצויזישע פּאָליציי האָט געשאַפן אַ קונציג־פאַרצווייגטע סיסטעם, ווי אַזוי צו פאַרפאָלגן און אַרויספרעסן געלט ביי די עמיגראַנטן. עמיגראַנטן איז בכלל פאַרבאָטן זיך צו באַזעצן אין פראַנקרייך. מען לאָזט אָבער אריין סטודענטן און אַזעלכע, וועמען פראַנצויזישע בירגער ווילן ברענגען צו זיך אַלס געסט און זיי אויסהאַלטן מיט קעסט. אָט די קאַטעגאָריעס גיט מען לאַנדונגס־קאַרטן, דאָס הייסט, דערלויבעניש צו זיין אין פראַנקרייך, נאָר דאָרט ווערט בפירוש געשריבן, אַז זיך באַשעפטיגן מיט אַרבעטן טאָרן זיי ניט.

אַנדערע ווידער גיט מען דערלויבענישן בלויז צו האַנדלען, אָבער ניט צו אַרבעטן. ווען מ'כאַפּט די עמיגראַנטן ערגעץ אַרבעטן אין אַ שאַפּ באַשטראָפט מען שטרייגנג אויך דעם באַס און דעם אַרבעטער שיקט מען אַרויס פון לאַנד. דאָס זעלבע איז מיט אַלע, וואָס האָבן ניט די דערלויבניש־קאַרטן צו בלייבן אין לאַנד. פאַר די אַלע קאַרטן און קאַרטלעך מוז מען צאָלן דעם ערשטן מאָל אַ באַדייטנדיגע סומע און דערנאָך יעדן חודש באַזונדער.

יעדער לענדלאָרד אָדער האָטעל־אייגנטימער מוז איינמעלדן ביי דער פּאָליציי זיינע שכנים. אויב זיי האָבן ניט די ריכטיגע דאָקומענטן, קריגן זיי באַלד, ווי די אַרבעטער רופן עס דאָ, אַן „אויסווייז". דאָס הייסט, אַ פּאַפּיר, אַז זיי מוזן פאַרלאָזן פראַנקרייך. לעצטנס האָט מען שטריינג גענומען קאָנטראָלירן די שעפּער, צי דאָרטן זיינען באַשעפטיגט אַזעלכע, וואָס האָבן ניט קיין פּאַפּירן אָדער אַ רעכט צו אַרבעטן.

אַ חוץ דעם מאַכט מען איבערפאַלן אויף רעוואָלוציאָנערע מיטינגען און לאָקאַלן, וואו מען זוכט ספּעציעל אויסלענדער. די וואָס האָבן ניט די נויטיגע פּאַפּירן קריגן באַלד אַן „אויסווייז". אפילו אויפ'ן פּיקניק פון דער פּאַריזער „פרייהייט" אין דער קאָמוניסטישער פאַרשטאָט בעזאָן האָט מען זיך געשראָקן פאַר אַן איבערפאַל מצד דער פּאַריזער פּאָליציי, די „פליקעס", וואָס פאַרנעמען זיך ספּעציעל מיט'ן כאַפּן אויסלענדער.

אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן שטעלן אויך אָפּ אָפּט די פּאָליסלייט מענטשן אין גאַס און פאָדערן זיי אויף צו ווייזן זייערע פּאַפּירן. די „סטודענטן"

און „געסט" מוזן אויך געני באווייזן, ווער עס האלט זיי אויס און גיט זיי אויף צום לעבן.

פארשפארט צו זאגן, אז די מערסטע ארבעטער זיינען „סטודענטן" און „געסט", וועלכע רייכע פעטערס דארפן כלומרשט אויסהאלטן. א חוץ דעם זיינען די „סטודענטן" געוויינלעך שניידער, שוסטער אדער קירזשנער. שטעלט זיך איצט די פראגע, וואו נעמט מען פרנסה? קאנט איר זיך שוין פארשטעלן, וואס פאר א לוינען זיי קריגן און אונטער וועלכע באדינגונגען זיי ארבעטן, אויב א באלעבאס פון א שאפ ריזיקירט מיט א שווערער שטראף און נעמט זיי ארויף ארבעטן. און קיין סך ארבעט איז דאך איצט בכלל ניטא. א חוץ דעם קריגט מען ווייניג אזעלכע באלעבאטים אויך. און די נשמה פאלט ארויס א גאנצן טאג ביי דער ארבעט אויך, טאמער וועט זיך באווייזן א פאליציאנט.

אבער ווי זינגט זיך אין דעם ליד: „און לעבן ווילט זיך!", נעמט מען אריין א ניי־מאשין אין שטוב, וואו מען שלאפט, און מען מאכט דארטן ארבעט פאר א באלעבאס. אויב איר האט א פרוי און גרעסערע קינדער, העלפן זיי אייך נאך ארויס. אזוי זיינען א סך רעוואלוציאנערע ארבעטער געווארן נעטריבן צום סוועט־שאפ. די סוועט־שאפ באדינגונגען זיינען דא געווארן די הערשענדיגע און ערשט נאכ'ן אפארבעטן אליין מיט דער פא־מיליע אין דעם איינענעם סוועט־שאפ ביז שפעט אין דער נאכט האט איר נים אויף אויסצוקומען.

א חוץ דעם זיינען א סך אינגאנצן ארבעטלאז. א סך נעכטיגן אלע טאג אין אן אנדער שטוב, ווייל זיי האבן נים קיין פאפירן. א סך האבן שוין די „אויסווייז"־צעטלען און קאנען נים צוריקפארן אין די לענדער פון וואנען זיי זיינען אנטלאפן. א סך דערווארטן יעדע רגע, אז מ'זאל זיי כאפן און זיי וועלן מוזן פארלאזן דאס לאנד. אט־די אלע זאכן זיינען זיכער גרויסע שטערונגען פאר דער אידישער רעוואלוציאנערער באוועגונג. און נים געקוקט אויף די שוידערלעכע פארפאלגונגען און די אוממענטשלעכע לעבנס־באדינגונגען — — — — — —

## דער רויטער גארטל

מאלט אייך אזא בילד: ברוקלין האט א קאמוניסטישע שטאט־רעגירונג; די קאמוניסטישע שטאט־רעגירונג האט א גרויסן סקווער אנגערופן אויפ'ן נאמען פון די מארטירער סאקא און וואנזעטי; דער סקווער איז באצירט מיט אמעריקאנער און רויטע פאנען; די „מארגן־פרייהייט" האט אראנ־זשירט א פיקניק אויף דעם סאקא־וואנזעטי סקווער; דער קאמוניסטישער מעיאר פון ברוקלין קומט באגריסן אינם נאמען פון די ברוקלינער איינ־וואוינער, די אידישע ארבעטער, וואס זיינען געקומען צום פיקניק פון דער „מארגן־פרייהייט"; דער קאמוניסטישער מעיאר פון ברוקלין האלט א פייר־ערדיגע רעדע וועגן אינטערנאציאנאלער ארבעטער־סאלידאריטעט און פאר־

ענדיגט מיט דעם רוף „רעד פראָנט!” און מיטן געזאַנג פון „אינטערנאַ־ציאָנאַל”.

אַט דאָס בילד, חברים, וואָס קלינגט ביי אונז אין אַמעריקע ווי אַ טרוים, האָב איך געזען, ניט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואו די טרוימען זיינען שוין פאַרווירקלעכט, נאָר אויפן וואָר אין פראַנקרייך. דאָס איז פאָרגעקומען זונטאָג, 19טן יוני (1932). דער פאַריזער אידישער אָרגאַן פון דער פּאַרטיי, וואָס הייסט, אגב, אויך „פרייהייט”, האָט אַראַנזשירט אַ פּיקניק אויף דעם סאַקאָ־וואַנזעטי סקווער אין בעזאָן, אַ פאָרשטאָט פון פאַריז.

בעזאָן איז אַ גרויסע אַרבעטער פאָרשטאָט פון פאַריז, איינע פון אַ צענדליג אַזעלכע פאָרשטעט, וואָס האָבן קאָמוניסטישע שטאָט־פאַרוואַל־טונגען און זיינען באַקאַנט אַלס דער „רויטער גאַרטל” אַרום פאַריז.

פון 8 אַזייגער אינדערפרי האָבן שוין געשטראָמט מיט דער מעטראָ (סאָבוועי) הונדערטער אידישע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער פון די פאַריזער אידישע קוואַרטאַלן, ווי בעלוויל, סאַן פּאָול אָדער פּלעצל, און אַנדערע ענגע קרומע געסלעך פון די אַרבעטער־קוואַרטאַלן צום לעצטן סטאַפּ, אין פּאָרט שאַמפּערע. דאָרטן האָבן זיי זיך איבערגעזעצט אויף קארס (טראַמוויען), וואָס האָבן זיי געפירט צו דער קאָמוניסטישער פאָרשטאָט בעזאָן.

ביים אָנקומען אין בעזאָן האָבן אייך שוין באַגעגנט ריזיגע פּלאַקאַטן איבערגעצויגן איבער דער ברייט פון דער גאַס מיט די אויפשריפטן: וועל־קאָמען אין דער קאָמוניסטישער מוניציפּאַליטעט פון בעזאָן. אויף די פּלאַקאַטן זיינען פון ביידע זייטן געווען אויסגעמאָלן אין רויטן סערפּ און האַמער עמבלעמען. נאָך אַ צען־מינוטיגן שפּאַציר איבער די גאַסן פון בעזאָן זיינען מיר צוגעקומען צו אַ גרויסן טויער מיט דעם אויפשריפט: „סקוואַר סאַקאָ־וואַנזעטי”. אין דעם סקווער האָבן זיך געפונען אַ צאָל מויערן, אַ גרויסע עסטראַדע און שטולן פאַר מיטינגען אונטערן פרייען הימל און אַ גרויסער שיינער פּאַרק מיט טייכלעך און שפּיל־פּלעצער פאַר פאַרשיידענע פאַרוויילונגען. דער גאַנצער פּאַרק איז געווען דעקאָרירט מיט פראַנצויזישע און רויטע פאָנען און רעוואָלוציאָנערע אויפשריפטן אין פראַנצויזיש. אין די געביידעס האָבן זיך אויך געפונען בילדער פון לענינ׳ען, פון פראַנצויזי־שע קאָמוניסטישע פירער און רוסישע פּלאַקאַטן. ווי עס ווייזט אויס, קומען דאָרט פאָר זייער אָפט פאַרשיידענע אויספלוגן פון די פראַנצויזישע רע־וואָלוציאָנערע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. זיי קומען אויך פאָר אין די אַנ־דערע קאָמוניסטישע שטעטלעך אַרום פאַריז.

דריי אַזייגער בייטאָג האָט זיך אויפן סאַקאָ־וואַנזעטי סקוועד געעפנט אַ מאַסן־מיטינג אונטערן פרייען הימל. דער וועטער איז געווען פון די גינסטיגסטע, וואָס מ׳קען זיך פאָרשטעלן. די לופט איז געווען מילד און קיל און ס׳האָט פאַרשמעקט מיט די ריחות פון פעלד און וואַלד. אויף דער עסטראַדע האָבן זיך אויסגעזעצט די שרייבער פון דער „פרייהייט”. דער

פארזאמלונג־פלאץ איז געווען אָנגעפּיקעוועט מיט די העכער פופצן הונדערט אידישע רעוואָלוציאָנערע ארבעטער, זייער א גרויסע צאָל לויט די פאריזער פארהעלטענישן.

נאָך דעם, ווי דער פאָרזיצער האָט אין אידיש דערקלערט דעם אויס־פלוג פון דער „פרייהייט" פאר געעפנט, האָט ער געגעבן דאָס ערשטע וואָרט פאר א באגריסונג צום קאָמוניסטישן מעיאָר, חבר לעגעי. חבר לעגעי האָט קודם כל באגריסט די אידישע רעוואָלוציאָנערע ארבעטער פון פאריז אין דעם נאָמען פון דער קאָמוניסטישער מוניציפּאליטעט פון בעזאָן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער גרויסער באדייטונג פון דער קאָמוניסטישער פרעסע אין קאמף געגן פראנצויזישן קאפּיטאליזם, געגן דער מלחמה־געפאר און פאר דער פארטיידיגונג פון דעם סאָוועטן־פארבאנד. ער האָט גערעדט מיט א סך פייער וועגן דער וויכטיגקייט פון דער אינטערנאציאָנאלער ארבע־טער־סאָלידאריטעט און וועגן קאמף מיט די פאשיסטן און פאררעטער. ער האָט אויך דערמאָנט דעם פאקט, וואָס דער סקוועד איז א מאָנומענט פאר די מארטירער פון אמעריקאנישן ארבעטער־קלאס, סאקאָ און וואנזעטי, און גערופן צום קאמף פאר דער באפרייאונג פון די סקאטסבאָראָ־קרבנות און געגן פראנצויזישן קאפּיטאליסטישן טעראָר, געגן די ארעסטן פון די קאָמו־ניסטישע פירער און די רדיפות אויף די רעוואָלוציאָנערע ארבעטער אין פראנקרייך. זיין רעדע האָט ער פארענדיגט מיט די אויסרופן: זאָל לעבן די אינטערנאציאָנאלע ארבעטער־סאָלדאריטעט, זאָל לעבן די פראנצויזישע קאָמוניסטישע פארטיי, און פארענדיגט מיט די ווערטער: „פראָן רוזש!" (רויטפראָנט!). ווי עלעקטריזירט פון זיין רעדע, האָבן זיך אלע אויפגע־שטעלט ווי איין מאַן און געזונגען דעם „אינטערנאציאָנאל". דאָס איז גע־ווען א זעלטענע דעמאָנסטראציע פון אינטערנאציאָנאלער ארבעטער־סאָלי־דאריטעט. די אויסרופן „פראָן רוזש!" און דעם געזאנג פון „אינטערנא־ציאָנאל" האָט מען, דוכט זיך, געקאָנט הערן אין פאריז.

דער צווייטער רעדנער איז געווען א מיטגליד פון דער רעד־קאָלעגיע פון דער „פרייהייט". ער האָט אָנגעוויזן, אז דער אויספלוג איז אראנזשירט געוואָרן צום ערשטן יובילײ פון דער „פרייהייט" און אז מיט דעם אויספלוג עפנט זיך די קאמפּאניע ארויסצוגעבן די „פרייהייט" 3 מאָל א וואָך אָנשטאָט 2 מאָל ווי ביז איצט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפ'ן וואוקס פון דער אידי־שער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג אין פאריז און אויף דער נויטיגקייט צו פארשטארקן די אידישע רעוואָלוציאָנערע פרעסע. ער האָט אויך אָנגעוויזן אויף דער וויכטיגקייט פון דער קאָמוניסטישער פרעסע אין קאמף געגן די לוין־שניטן פון די פאטראָנען (באָסעס), געגן די פארזוכן פון דער רעגירונג ארויפצולייגן אויף די פּלייצעס פון די ארבעטער דעם גאנצן לאַסט פון דעם קריזיס, געגן די וואקסנדיגע רעגירונגס־רעפּרעסיעס צו ברעכן דעם ווידער־שטאנד־קראפט פון די ארבעטער און קאָנען אָנגיין אומגעשטערט מיט די מלחמה־צוגרייטונגען געגן דעם סאָוועטן־פארבאנד. ער האָט זיך נעגווי

אפגעשטעלט אויף דער גארגולאוו־אפערע און אויף די נייע ספעציעלע גע־זעצן געגן די אויסלענדישע ארבעטער, וואס האבן דעם ציל אפצושוואכן דעם ארבעטער־קלאס פון לאנד דורך שפאלטן אים אויף „פראנצויזן" און „אויסלענדער" און מאכן אומלעגאל די בעסטע טוער פון דער רעוואלוציא־נערער באוועגונג.

עס האבן נאך גערעדט אנדערע, וואס האבן באלויכטן פון פארשיידענע זייטן די לאגע פון די ארבעטער אין פראנקרייך און איבער דער גאנצער וועלט. איינשטימיג ווערט נאכדעם אנגענומען א רעזאלוציע צו פארשטאר־קען די „פרייהייט", צו דערמעגלעכן א דעלעגאציע פון דער אידישער אר־בעטערשאפט אנטיילנעמען אין קאנגרעס געגן קריג אין זשענעווע און א סאלידאריטעט־רעזאלוציע מיט די סטרייקנדיגע ארבעטער פון ווארשעווער „היינט".

נאכ'ן מיטינג האט די דראמאטישע סעקציע פון דער קולטור־ליגע דורכגעפירט אויפן זעלבן פלאץ א שפיל וועגן אידישן לעבן אין פאריז. און נעמענדיג אין אכט די הינע פראנצויזישע אומשטענדן, האבן זיי עס געלונגען דורכגעפירט.

עס האט זיך אויך געלאזט הערן דער היגער פרייהייט געזאנג פאראיין, דער כאר פון דער קולטור־ליגע, וואס ציילט 60 ארבעטער־זינגער. א גרויסער טייל פון זייער רעפערטואר איז א ניו יארקער, א סך לידער־טעקסטן האט זיי חבר שייפער צוגעשיקט, כאטש וויית נית גענוג.

עס האבן אויך געוויזן גרויס בריה'שאפט די עטלעכע הונדערט מיט־גלידער פון דער ספארט־סעקציע ביי דער פאריזער אידישער קולטור־ליגע. אויף דעם געביט, וויניגסטנס, האבן זיי שוין וויט איבערגעשטיגן ניו יארק, כאטש זיי האבן זיך גאר נית לאנג דא געגרינדעט.

אויפ'ן פיקניק האט מען נאך דורכגעפירט פארשיידענע מאסקן־שפילן. זיי האבן דא אויך א סך קינסטלעריש־אויסגעארבעטע קיאסקן, ווי פון דער „פרייהייט", „פריינט פון סאוועטן־פארבאנד" (אידישע סעקציע, ווי דער איקאר ביי אונז) און פון די אידישע רעוואלוציאנערע שרייבער און קינסט־לער, א נײ־געגרינדעטע ארגאניזאציע, וואס גרייט זיך ארויסגעבן איינגיכן א זשורנאל „רויטער מערב".

אונטער דער אנפירונג פון חבר לעגעי האבן הונדערטער חברים בא־זוכט די ניי־געבויטע ריזיגע קינדער־שולן פון בעזאן, וואס מאכט מעגלעך צו דערציען און געבן בילדונג צו די פולע הונדערט פראצענט קינדער פון שטאט אין דער צייט וואס אין די שטעט מיט בורזשואזע מוניציפאליטעטן ווערן הונדערטער קינדער פון ארבעטער געצוואונגען צו בלייבן אן א שול צוליב מאנגל אין שול בנינים.

אזוי האבן מיר פארבראכט א רויטן רעוואלוציאנערן יום טוב טאג פון דער פאריזער אידישער קאמוניסטישער צייטונג „פרייהייט" אין דעם סאקא וואנזעטי סקווער פון דער קאמוניסטישער פארשטאט בעזאן לעבן פאריז.

## די קאָמונאַרן־וואַנט

אויב דער סאַקאָ־וואַנזעטי סקווער איז געווען אַ מאָנומענט נאָך די קרבנות פון אַמעריקאַנישן קלאַסן־טעראָר, וועל איך איצט איבערגעבן די איינדרוקן פון מיין באַזוך ביי דער קאָמונאַרן־וואַנט אין פּאַריז, דער מאָנומענט נאָך די קרבנות פון דעם טעראָר פון דער פראַנצויזישער בור־זשואַזיע אין דער צייט פון דער פּאַריזער קאָמונע פון 1871.

אין דער אמת'ן זיינען פאַראַן צוויי קאָמונאַרן־ווענט: איין וואַנט לעבן די קברים פון די קאָמונאַרן אויף דעם פּערלאַשעז בית־עולם פון אינעווייניג; און די צווייטע איז אַ מאָנומענט פון די שטיינער פון דער וואַנט לעבן וועל־כער מ'האָט די קאָמונאַרן דערשאָסן, און געפינט זיך אויף אַ באַזונדערן פּלאַץ הארט ביי דער וואַנט פון דעם פּער־לאַשעז בית עולם פון דרויסן.

דער פּערלאַשעז בית־עולם איז פאַר זיך אליין מטיקאַווע. ער איז איינער פון די גרעסטע און עלטסטע סעמעטערים אין פּאַריז. ער



**דער אויטאָר מיט זיין פרוי לעבן דער קאָמונאַרן־וואַנט אין פּאַריז**

פאַרנעמט אַ ריזינן שטח. דאָס איז אַ גאַנצע שטאָט מיט קברים און מצבות איינגעטיילט אין צענדליגער גאַסן און עוועניוס מיט פאַרשיידענע נעמען — אַ טויטע שטאָט, אַ שטאָט פון מאָנומענטן. אייגנטלעך איז גאַנץ פּאַריז אַזאַ מאָנומענטאַלע שטאָט, אָנגעפּיקעוועט מיט מאָנומענטן, היסטאָרישע געביי־

דעם און פלעצער. די גאנצע ערד פון פאריז איז אויסגעווייקט מיטן בלוט פון די געפאלענע אין די דריי פראנצויזישע רעוואלוציעס.

נאכ'ן דורכגיין דעם לאבירינט פון גאסן און עווענױעס פון פער־לאשעז סעמעטערי, וואו עס געפינען זיך זייער פיל קברים פון היסטאריש־באריטמטע מענטשן מיט קינסטלערישע מאנומענטן, איינגעשלאסן דער קבר און מאנו־מענט נאך אסקאר ווײלד, קומט איר צו די קברים פון די קאמונארן און צו דער קאמונארן־וואנט דערנעבן. שוין פון ווייטן דערזעט איר אויף דער קאמונארן וואנט צענדליגער בלוט־רויטע בלומען־קראנצן, לעבעדיגע און פון רויט־געפארבטן בלעך. אויף די בלומען־קראנצן האב איך געפונען אויפ־שריפטן פון דעם צענטראל קאמיטעט פון דער פראנצויזישער קאמוניסטי־שער פארטיי, פון די פארשיידענע קאמוניסטישע ראיאנען פון פאריז, פון פאליטישע ארעסטירטע אין פראנצויזישע תפיסות און צוויי אויפשריפטן אויף בלומען־קראנצן אין אידיש : פון דער אידישער סעקציע פון דער פראנ־צויזישער קאמוניסטישער פארטיי און פון די „פריינט פון סאוועטן־פאר־באנד".

די פרישע בלומען־קראנצן זיינען אוועקגעלייגט געווארן צום יארצייט פון דער קאמונע, ווען די קאמוניסטישע פארטיי פירט דורך יעדן יאר א מארש צו דער קאמונארן־וואנט. דאס לעצטע מאל האבן זיך באטייליגט אין דער דעמאנסטראציע נאענט צו הונדערט טויזנט פראנצויזישע ארבעטער.

לעבן דער וואנט געפינען זיך בלויז א פאר צענדליג קברים פון קאמו־נארן, וואס זיינען קאלטבלוטיג דערמארדעט געווארן פון דער פראנצויזישער בורזשואזיע.

אבער איינע פון די מערקווירדיגסטע דאקומענטן איז די צווייטע קא־מונארן־וואנט. אט דעם מאנומענט פאר די קאמונארן האט א קינסטלער אויפגעבויט אין דער פארם פון א וואנט פון די שטיינער פון דער אריגי־נעלער וואנט לעבן וועלכער טויזנטער קאמונארן זיינען דערשאסן געווארן. אין די שטיינער האט ער אין דער פארם פון בארעליעפ'ן אויסגעקריצט די פיגורן פון צענדליגער באוואוסטע קאמונארן און זייערע אויסדרוקן אין דעם מאמענט, ווען מ'האט אויף זיי געשאסן. דערביי האט ער זיך געהיט ניט צו פארווישן די גרויסע צאל לעכער אין די שטיינער, וואס זיינען פארבליבן דארטן פון די ארויסגעשאסענע קוילן.

אט דער מאנומענט פון דער בלוטדארשטיגקייט און גרויזאמקייט פון דעם ווייסן טעראר רודערט אייך אויף. דער סאקא־וואנזעטי סקווער אין בעזאן און די קאמונארן־וואנט זיינען מעכטיגע אנקלאג־מאנומענטן געגן דעם קאפיטאליסטישן קלאסן־טעראר. אבער די לעבעדיגע, רויט־פאניגע בע־זאן זאגט אן, אז דער „רויטער גארטל" ארום פאריז וועט ענדלעך ארומנעמען גאנץ פראנקרייך.

## א סקאטסבאָראָ־דעמאָנסטראַציע

צופעליק האָב איך אין גאַס באַמערקט אַן אַנאָנס וועגן אַ פּראָטעסט־מיטינג, וואָס ווערט גערופן פון דער פּאַריזער סעקציע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער הילף (סעקור רוזש אינטערנאַסיאָנאַל).

אין דער אַנאָנס איז ניט געווען דערמאָנט, אַז לואיס ענגדאַל, דער סעקרעטאַר פון דער אַמעריקאַנער אינטערנעשאָנאַל לעיבאָר דעפענס, און אַדאַ ראַיט, די מוטער פון איינעם פון די סקאַטסבאָראָ נעגער־אינגלעך, וועלן אַרויסטרעטן ביים מיטינג.

ערשט אויפן מיטינג האָב איך זיי דערזען אויף דער טריבונע און געהערט זייערע רעדעס. איך האָב נאָכ׳ן מיטינג שוין אויך געהאַט אַ שמועס מיט ענגדאַל׳ן, און זיך דערוואוסט די אורזאַך, פאַרוואָס מ׳האָט זיי ניט געקענט אַנאָנסירן אויף די אַפישן.

ערשט מיט אַ וואָך צוריק איז דאָ אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ ריזיגער מיטינג פאַר די סקאַטסבאָראָ נעגער־אינגלעך. ענגדאַל און ראַיט זיינען שוין אויך אויפגעטראָטן אין פּאַריז מיט עטלעכע וואָכן צוריק, ווען זיי האָבן אָנגע־הויבן דעם טור איבער אייראָפּע פאַר די סקאַטסבאָראָ־קרבנות. עס זיינען שוין אויך אין משך פון דער סקאַטסבאָראָ־אַפּער דאָ פאָרגעקומען אַ סך מאַסן־מיטינגען און דעמאָנסטראַציעס פאַר דער באַפרייאונג פון די 9 נעגער־אינגלעך.

די פראַנצויזישע אַרבעטער אַליין פירן איצט אַ גרויסע קאַמפּאַניע פאַר דער באַפרייאונג פון די צענדליקער קאָמוניסטן און רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער, צווישן זיי אַ סך פירער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וואָס שמאַכטן אין די פראַנצויזישע תפיסות און אין תפיסות פון די פראַנצויזישע קאָלאָניעס, ווי אַלזשיר, מאַראָקאָ, מאַדאַגאַסקאַר, טוניס, סיריע, א. אז. וו. נאָר היינט אָוונט איז דער גרויסער זאַל בולעי ווידער איבערגעפּאַקט מיט טויזנטער פראַנצויזישע אַרבעטער.

דער זאַל איז ניט קלענער פון דעם בראָנקסער קאָליסעאום, כאָטש אַ סך שענער און באַקוועמער. די גרויסע טריבונע, אויף וועלכער עס זיינען געזעסן די רעדנער, איינגעשלאָסן ענגדאַל און אַדאַ ראַיט, איז געווען באַ־האַנגען מיט גרויסע רויטע פאָנען און רעוואָלוציאָנערע פּלאַקאַטן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער הילף. גאָר אויבן, איבער דער טריבונע, האָט זיך געפונען אַ ריזיגער פּלאַקאַט מיט׳ן אויפשריפט: „קעמפּט געגן אונ־טערדריקונג!"

איך האָב אייך נאָך פאַרפעלט צו דערציילן, אַז ביי די אַרויסגאַנגען פון די סאָבוועי־סטעישאָנס, וואָס האָבן געפירט צום מיטינג־פּלאַץ, זיינען געווען פאַרזאַמלט הונדערטער פּאָליסלייט פון אַלע סאָרטן: גאַרד־מאָביליסטן, פליקעס (וועלאָסיפּעדיסטן) און געוויינלעכע פּאָליסלייט. נאָך הונדערטער פּאָליסלייט זיינען געווען פאַרזאַמלט לעבן מיטינג־פּלאַץ, וואָס האָבן יעדן

איינציגן דורכגעשפּיזט מיט זייערע בליקן. עס האָבן אויך ניט געפעלט קיין פּאָליסלייט אין ציווילע קליידער. זיי איז, ווייזט אויס, אנגעגאנגען זייער שטארק צו באשיצן די קלאסן־יוסטיץ.

ניט געקוקט אויף דעם, זיינען טויזנטער פראנצויזישע ארבעטער געקומען אויסדריקן זייער פולשטענדיגע סאָלידאריטעט מיט די סקאטסבאָראָ נעגער־אינגלעך און פאָדערן זייער באפרייאונג. אויפ'ן מיטינג זיינען אויך געווען א סך נעגערס און ארבעטער פון אנדערע אונטערדריקטע פעלקער פון די פראנצויזישע קאָלאָניעס.

די פארזאמלטע האָבן געמאכט אן אָוואציע און געזונגען דעם „אינטערנאציאָנאל", ווען דאָס וואָרט האָט גענומען דער פראנצויזישער נעגער־חבר קויאטע. ער האָט אין א פלאמענדיגער רעדע איבערגעגעבן וועגן די פארברעכנס געגן די נעגער־ארבעטער אין אמעריקע און וועגן די פארברעכנס פון פראנצויזישן אימפּעריאליזם געגן די באפעלקערונגען פון זיינע קאָלאָניעס.

אויסערגעוויינלעך שטורמישע אָוואציעס זיינען אויסגעבראָכן, ווען אדא ראַיט האָט זיך אויפגעשטעלט צום ריידן. יעדע פּאָר פאראגראפן פון איר ענגלישער רעדע איז באלד איבערגעזעצט געוואָרן אויף פראנצויזיש. די פארזאמלטע האָבן פאר איר רעדע און נאָך איר רעדע געזונגען דעם „אינטערנאציאָנאל". א חוץ דעם האָבן זיי כסדר ביי די שארפע שטעלן פון דער איבערזעצונג געשריען: „אמניסטי" (באפרייען) און „אסאסאן" (מערדער). א סך מאָל פלעגן זיי אויסשרייען אין א כאָר „אמניסטי! אמניסטי! אסאסאן! אסאסאן!", און דער זאל האָט געדונערט פון די מעכטיגע אויסגעשרייען.

אדא ראַיט האָט אין פּשוט'ע ווערטער איבערגעגעבן, ווי אזוי די אלאבאמא באַסעס האָבן פארשפּינט דעם לינטש פּרעים־אַפּ געגן איר זון און די אנדערע אכט נעגער־אינגלעך. זי האָט אגב אויך דערציילט, אז איר באבע איז געווען א שקלאפין און איז פארקויפט געוואָרן פאר 300 דאָלאר. זי האָט איבערגעגעבן, ווי אזוי מ'האָט די עלטערן פון די נעגער־אינגלעך געסטראשעט, זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון דער רויטער אינטערנעשאָנאל לעיבאָר דעפענס, און פארענדיגט, אז ווען ניט די אינטערנעשאנאל לעיבאר דעפענס וואָלטן שוין די אינגלעך פארברענט געוואָרן נאָך דעם 10טן יולי, מיט א וואָך צוריק. זי האָט גערופן צו שטיצן די אינטערנאציאָנאלע רויטע הילף און דערקלערט, אז דער קאמף פאר דער באפרייאונג פון די סקאטסבאָראָ נעגער־אינגלעך איז א קאמף פאר דער באפרייאונג פון אלע ארבעטער־קינדער, וואָס שמאכטן אין די תפיסות.

עס האָבן נאָך גערעדט די פראנצויזישע חברים: ראקאמאָן, בוראָ, פראנסיס זשאָרדאַן, לעקאש, שאָווע און ראמעט, פריינט פון סאָוועטן־פארבאנד, און אנדערע אָרגאניזאציעס. די רעדנער האָבן פארבונדן די סקאטסבאָראָ־אַפערע מיט דער היגריכטונג פון סאקאָ און וואנזעטי. זיי

האָבן אויך גערעדט וועגן דער נייער „לינקער" רעגירונג אין פראַנקרייך, וואָס זעצט פאָר די פּראָגראַם פון אַרעסטן און רדיפות אויף רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער און העצט אויף איין ראַסע געגן דער צווייטער, געגן אידן, נעגן אויסלענדער און אַזוי כסדר.

מיט אַ מעכטיגער אָוואַציע און מיט׳ן געזאַנג פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל" איז אויפגענומען געוואָרן די איינדרוקספולע רעדע פון חבר ענגדאַל, וועלכע איז אויך באַלד איבערזעצט געוואָרן פאַרן עולם אין פראַנצויזיש פון אַ רעדאַקטאָר פון דער „ל׳הומאַניטע", דער צענטראַל־אָרגאַן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פראַנקרייך.

חבר ענגדאַל האָט געזאָגט אין זיין רעדע דאָס פאָלגנדיגע :

„מיט זעקס וואָכן צוריק בין איך און אַדאַ ראַיט דאָ געווען ביי אייך. אין דער צייט האָבן מיר באַזוכט זיבן לענדער (פראַנקרייך, דייטשלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיע, עסטרייך, שווייצאַריע, בעלגיע און האָלאַנד). דער היינטיגער מיטינג איז פּאַקטיש אַ געזעגענונג־אָוונט מיט די פראַנצויזישע חברים אויף אונזער רייזע צוריק קיין אַמעריקע. איך בין זיכער, אַז איר וועט פאָרטזעצן דעם קאַמף און ניט דערלאָזן קיין צווייטע סאַקאָ־וואַנזעטי עפּאָכע.

„מיר האָבן היינט אָוונט, — זאָגט חבר ענגדאַל, געזאָלט זיין אין ענגלאַנד. אָבער די רעגירונג פון דעם „סאָציאַליסט" מאַקדאָנאַלד האָט זיך אָפּגעזאָגט אונז אַריינצולאָזן. אָבער צי דער קעניג דזשאָרדזש און גענאָסע מאַקדאָנאַלד ווילן אָדער ניט, מיר וועלן דאָך באַזוכן ענגלאַנד".

ער גיט איבער נאָך דעם די אַנטוויקלונג פון דער סקאָטסבאָראָ־קעיס, און זאָגט, אַז דער סופרים קאָורט איז געצוואונגען געוואָרן איבערצוקוקן די סקאָטסבאָראָ־קעיס אין אָקטאָבער, צוליב דעם וואַקסנדיגן קאַמף און דעם מעכטיגן מאַסן־פּראָטעסט פון די אַרבעטער אין אַמעריקע געגן דעם סקאָטסבאָראָ־אורטייל. בלויז דער מעכטיגער מאַסן־פּראָטעסט פון דעם אַרבעטער־קלאַס וועט זיי באַפרייען.

ער גייט נאָך דעם איבער צו די שענדלעכע האַנדלונגען פון די סאָציאַליסטישע פּאָליציי־פּרעזידענטן אין דייטשלאַנד און עסטרייך, וואָס האָבן פאַרבאָטן און טעראָריזירט די פאַרזאַמלונגען פאַר די סקאָטסבאָראָ נעגער־אינגלעך. אין בערלין — אין צענטער פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע — האָט מען ניט נאָר ניט געלאָזן אַדאַ ראַיט קומען צו די מיטינגען, נאָר אַפילו שיקן אַ „מעסעדזש" צו די מיטינגען. זיי האָבן געשלאָגן אַפילו פרויען און צענדליגער אַרבעטער אַרעסטירט אויף די סקאָטסבאָראָ־מיטינגען. דערמיט האָט זיך די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע סאָלידאַריזירט מיט די הענקער פון אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם.

די סאָציאַליסטן אין פראַנקרייך האָבן די גאַנצע צייט אויך פאַרשוויגן די סקאָטסבאָראָ־אישו. אין בעלגיע האָט מען אַדאַ ראַיט אַרעסטירט און צוריקגעשיקט צום פראַנצויזישן גרעניץ. זי האָט זיך אָבער צוריק אַריינגע־

גנב'עט און איז ארויסגעטראָטן אויף דעם מיטינג אַלס איינע פון דעם עולם, באַשיצט פון רויטע־פראָנט קעמפער.

צום מיטינג אין בריסעל איז געקומען וואַנדערוועלדע, דער זייל פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. ער האָט דערקלערט, אַז ער איז געקומען ריידן ניט אין נאָמען פון זיין סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, נאָר אין זיין אייגענעם נאָמען, ווייל ער האַלט, אַז צוליב הומאַניטאַרישע מאָטיוון דאַרף מען באַפרייען די סקאָטסבאָראָ־קרבנות.

אין האָלאַנד האָבן די סאָציאַליסטן דערלויבט אַזאַ ראַיט צו ריידן אויף זייער ראַדיאָ. נאָר זיי האָבן אָפּגעטאָן איין קליינינקייט. וואו נאָר אַדאַ ראַיט האָט דערמאָנט, אַז בלויז די אינטערנאַציאָנאַלע רויטע הילף (לעיבאָר דעפענס) פירט דעם קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון די סקאָטסבאָראָ־קרבנות, האָט דער „סאָציאַליסטישער" איבערזעצער איבערגעגעבן אין האָלענדיש, אַז בלויז די „סאָציאַליסטן" פירן דעם קאַמף פאַר די סקאָטסבאָראָ־קרבנות.

ווען דער איבערזעצער גיט איבער די שטעלן פון ענגדאַל'ס רעדע וועגן די „סאָציאַליסטישע" פאַרראַטן שטורעמט דער זאַל מיט די בו'ס און אויסרופן פון עולם: אבאַ! (נידער) אסאַסאַן! אַמניסטי! און צום סוף זינגט ווידער דער עולם דעם „אינטערנאַציאָנאַל". דער מיטינג איז געווען איינער פון די ענטוזיאַסטישסטע, וואָס מ'קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן.

אויפ'ן מיטינג איז אויך ארויסגעטראָטן מיט אַ סקאָטסבאָראָ־שפּיל אַ פראַנצויזישער ארבעטער־טעאַטער, וואָס האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק.

ביים ארויסגאַנג האָבן מיר ווידער באַגעגנט די סקאַדראָנען פּאָליציי, וואָס זיינען געווען אויסגעשטעלט אין געדיכטע רייען ביז די סאָבוועי־פּלאַטפאָרמעס. אויפ'ן וועג צום סאָבוועי זיינען די ארבעטער געווען שטיל. אָבער אויף די פּלאַטפאָרמעס, וואָס זיינען געווען אָנגעפּיקעוועט מיט די ארבעטער פון מיטינג, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַ נייע דעמאָנסטראַציע.

ווי לויט אַ סיגנאַל האָבן זיך דערהערט די אויסגעשרייען פון אַלע צוזאַמען אין איין כאָר: סאַלי רוזש! (רויטער גרוס), פראָן רוזש! (רויט פראָנט), „סאָוויעט אַ פּאַרי! (אַ סאָוועטישע פּאַריז), סאָוויעט פּאַר טו! (סאָוועטן אומעטום), אסאַסאַן! אַמניסטי! אסאַסאַן! אַמניסטי! און די מעכטיגע געזאַנגען פון פאַרשיידענע רעוואָלוציאָנערע לידער, ווי „קאַרמאַניאָל", דער הימן פון דער קאָמוניסטישער יוגנט, דער „אינטערנאַציאָנאַל", אַ סאַטירע אויף די פליקעס (פּאָליסלייט) און אַ סך אַנדערע, איינגעשלאָסן איבערזעצונגען פון רוסישע רעוואָלוציאָנערע לידער.

אַזוי האָבן די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָנערע ארבעטער דורכגעפירט אַ סקאָטסבאָראָ־דעמאָנסטראַציע דעם 21טן יוני אין פּאַריז.

# אַ בריוועלע דעם ברודער

אין אַ בריוו פון מיינער אַן 18־יאָריגער שוועסטער אין גראָדנע (דאַטירט דעם 3טן אויגוסט 1939), וואָס איז צו מיר אָנגעקומען געציילטע טעג פאַר דעם אָנהויב פון דער מלחמה, געפינט זיך די פאָלגנדיגע שטעל:

„...און דערצו די באַדינגונגען אין פּוילן. מען מאַכט נאָך דעם „שכן"... מען האַלט אויך אין איין פאַרפּוילישן. מען פּיקעט אידישע געשעפטן. מען אָרגאַניזירט ספּעציעלע פּוילישע קאָאָפּעראַטיוון. אַז אַ פּיקעט זעט אַ קריסט, וואָס גייט אַריין אין אַ אידישן געשעפט, דראָט ער אים מיט קלעפּ. ווען עס האַנדלט זיך וועגן אָפּזאָגן אַרבעטער, זיינען די אידישע אַרבעטער דאָס ערשטע כפרה־הינדל. אפילו אידישע פאַבריקאַנטן באַמיען זיך צו נעמען פּוילישע אַרבעטער, כדי אפשר וועט דאָס זיין אַ סגולה פאַר זייערע געשעפטן. און אויב דו גייסט אין אָוונט אַרויס שפּאַצירן, טרעפט אָפט, אַז מען נעכטיגט שוין אין שפּיטאָל. אַזוי אַז פון דעם קאָנסטו שוין אָפּשאַצן אונזערע אויסזיכטן אויף חיונה..."

קיין קאָמענטאַרן זיינען ניט נויטיג, גלויב איך. אַ סך אַזעלכע בריוו זיינען אָנגעקומען קיין ניו יאָרק פון פּוילן. דער בריוו איז אפשר אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס ער באַווייזט, אַז אפילו ערב דער נאַצישער מלחמה מיט פּוילן האָבן די פּוילישע הערשער ניט אויפגעגעבן זייער אַנטיסעמיטישע אונטערדריקונגס־פּאָליטיק.

און איך קאָן זיך דעריבער פאָרשטעלן די פרייד אין גראָדנע, ווען עס האָט אַריינגעמאַרשירט די רויטע אַרמיי און עס איז פאַרשוואונדן דאָס שוידערלעך בילד, וואָס מיין שוועסטער האָט אָפּגעמאָלן אין די עטלעכע שורות.

## מיינע פינף טעג אין פּוילן

איך האָב געפילט אויף דער אייגענער הויט די הערשאַפט פון די פּוילישע פּאַנעס, און וועל עס האָבן צו געדענקען כל־זמן איך וועל לעבן. בין געווען אין גראָדנע אין 1919, ווען די שטאָט איז פאַרנומען געוואָרן פון דער פּוילישער אַרמיי. דורכגעלעבט דעם ערשטן באַרימטן גראָדנער פּאָגראָם, אין וועלכן אַרום 50 אידן זיינען אומגעקומען. 18 אידן פון גראָדנער פאָרשטאָט האָט מען דעמאָלט אַרויסגעשלעפּט פון די בעטן, אויסגעשטעלט ביינאַכט אויף'ן פעלד און אַן אַ פאַרוואָס דערשאָסן. איך בין דעמאָלט אָפּגעקומען מיט קלעפּ. אין הויז האָט מען ביי אונז צוגענומען

ניט נאָר יעדעם ברעקל שפּייז, נאָר אַלץ וואָס מען האָט נאָר געקאָנט רירן פון אָרט און אוועקשלעפּן, איינגעשלאָסן די שיך פון אַלעמענ׳ס פיס.

מען האָט מיך צוויי מאָל אַרויסגעוואָרפן פון וואַגאָנעס, עטלעכע מאָל געווען אַרעסטירט, און האָב זיך פיל מאָל קוים געראַטעוועט מיט׳ן לעבן. איך וואָלט אויך געקענט דערציילן נאָך אַ סך פון די צרות, וואָס מיין משפּחה איז אויסגעקומען דורכצולעבן אין פּוילן. דאָס איז אַ גרויסער קאַפּיטל פאַר זיך. און מיר וועלן עס טאָן ביי אַ געלעגנהייט. דערווייל וויל איך איבערגעבן איינינגע עפּיזאָדן פון מיין באַזוך אין פּוילן אין יאָר 1935.

איך בין דעמאָלט געווען בלויז 5 טעג אין פּוילן. מען זאָגט: אַ גאַסט אויף אַ ווייל — זעט אויף אַ מייל. אין די פינף טעג האָב איך זיך טאַקע איבערגענוג צרות אָנגעזען. יעדער טאָג מיינער אין פּוילן איז געווען פאַר מיר ווי אַ יאָר און אפשר ווי אַ צענדליג יאָר.

איך בין געווען אין פּוילן אויפ׳ן וועג פון סאָוועטן־פאַרבאַנד צוריק קיין אַמעריקע. מיינע צרות מיט דער פּוילישער מאַכט האָבן זיך נאָך אָנגע־הויבן אין מאָסקווע. דער פּוילישער קאָנסול אין מאָסקווע האָט מיר קוים מיט צרות געגעבן אַ וויזע צו זיין 5 טעג אין פּוילן. עס האָט ניט געהאָלפן מיינע טענות, אַז דאָרטן דאַרף איך זען מיין פאָטער, שוועסטער, ברידער און קרובים. 5 טעג איז גענוג — האָט דער קאָנסול גע׳טענה׳ט. ער איז געווען גערעכט אויף אַזוי פיל, אַז ס׳איז געווען שווער צו זיין אין פּוילן אפילו 5 מינוט.

## איך ווער אַרעסטירט

איך וועל ניט האָבן קיין מעגלעכקייט צו באַשרייבן וואָס מען לעבט דורך ביים פאַרלאָזן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד און ביים אַריינפאָרן אין פּוילן, צי כאָטש וועגן דעם קאָנטראַסט אין דער באַנעמונג פון די סאָוועטישע



דער אויטאָר מיט זיין פאָטער, ברידער און שוועסטער
בעת זיין באַזוך אין גראָדנע אין 1935.

גרענעץ־באַאַמטע און די פּוילישע גרענעץ־באַאַמטע. אָבער איין אינצידענט וועט אייך שוין געבן אַ באַגריף.

די סאָוועטישע באַן האָט מיך געבראַכט ביז ניעגאָרעלאָיע. אויפ'ן סאַמע גרענעץ האָט אונז אַ פּוילישער צוג אַרויפגענומען און געבראַכט קיין סטאָלפּצי (סטויפּץ), דער פּוילישער גרענעץ־פּונקט. דאָרטן האָט מען די פּאַסאַזשירן געהייסן אַראָפּגיין. מען האָט אונטערזוכט יעדנ'ס באַגאַזש. עס זיינען געווען אַרום 30 אויסלענדישע טוריסטן, וואָס זיינען געפאָרן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד איבער פּוילן.

מען האָט אונז באַלד געמאַכט צו פילן, אַז יעדערער פון אונז איז אונטער פאַרדאַכט. די פּוילישע גרענעץ־באַאַמטע האָבן אונז דורכגעשפּיזלט מיט די אויגן, באַזונדערס די אידישע טוריסטן, כאָטש זיי זיינען כמעט אַלע געווען אַמעריקאַנער בירגער מיט אַמעריקאַנער רייזע־פּאַספּאָרטן. די פּאַספּאָרטן האָט מען נאָך ביי אונז פריער צוגענומען. דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן בודק זיין אונזער באַגאַזש.

מיר האָבן געעפנט אונזערע טשעמאָדאַנעס. באַאַמטע האָבן מיט רוגזה דורכגענישטערט יעדעס פּיצל וועש און קליידער, יעדן בוך און פּאַפּירל אָדער בריוו. נאָר אַט געפינען זיי ביי מיר עטלעכע רוסישע ביכער און איין אידישן בוך. מען האָט די ביכער ערגעץ צוגענומען און אַוועקגע־טראָגן. איך האָב זיך געהיט ניט צו פירן מיט זיך קיין ביכער. אָבער עטלעכע ביכער האָב איך דאָך באַשלאָסן מיטצונעמען: צוויי פון דער רוסישער שיינער ליטעראַטור און איין אידיש בוך וועגן ליטעראַטור.

ווען אַלעמענס באַגאַזש איז שוין געווען דורכגענישטערט און די פּוילישע באַאַמטע האָבן אויף זיי אָנגעקלעפּט די „אָ־קעי" צעטלעך, האָט מען מיך אַריינגערופן אין אַ באַזונדער צימער. דאָרטן האָט מען מיך אָנגעהויבן אויספרעגן, צוליב וואָס איך בין געפאָרן קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד, ווי לאַנג איך בין דאָרטן געווען, וואָס איך האָב דאָרטן געטאָן, מיט וואָס איך באַשעפטיג זיך אין אַמעריקע און צענדליגער אַנדערע פראַגן. איך האָב זיי געזאָגט האַלב אויף רוסיש, האַלב אויף ענגליש (איך קאָן ווייניג פּויליש), אַז אויף מיינע דאָקומענטן איז פאַרשריבן אַלץ, וואָס זיי איז נויטיג צו וויסן. און איך פאַרשטיי דעריבער ניט, פאַרוואָס זיי מאַטערן מיך דעם איינציגן פון אַלע פּאַסאַזשירן מיט אַזעלכע פראַגן. אָבער דאָ האָט זיך איינער אַרויסגעבאַפּט מיט אַ פראַגע, צי איך בין אַ באָלשעוויק. האָב איך ווידער אָנגעהויבן טענה'ן, אַז איך בלייב דאָך ניט אין פּוילן, און שוין אָנגעהויבן רעדן מיט אַ העכערן קול, אַז איך בין אַן אַמעריקאַנער בירגער, בין געווען אויף אַ באַזוך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און פאָר צוריק קיין אַמעריקע, און כ'וויל זיי זאָלן מיר לאָזן צורו.

אָבער דעמאָלט האָבן צוויי זייערע מיך אָנגעהויבן פרעגן, פאַרוואָס איך פיר מיט זיך די רוסישע ביכער און דעם אידישן בוך. איך האָב זיי געענטפערט, אַז איך לייען רוסיש און אידיש. מיר געפעלן די ביכער, האָב

איך זיי מיטגענומען. זיי האָבן געבראַכט די ביכער, געבלעטערט און דורכ־געקוקט יעדן זייטל און צום סוף אָנגעהויבן שטאַרק פרעגן וועגן אידישן בוך. זאָג איך זיי, אַז דאָס איז ניט קיין פּאָליטיש בוך, נאָר אַ בוך וועגן אידישער ליטעראַטור, און זאָלן זיי אים אַליין איבערלייענען. צעלאַכן זיי זיך. און איינער זאָגט, אַז זיי האָבן קיינעם ניט, וואָס קען לייענען אידיש. פרעג איך זיי, צי דען געפינען זיך ניט צווישן זיי קיין אידישע גרענעץ־באַאַמטע. ענטפערט מיך איינער גאַנץ אָפן, אַז קיין „זשידעס" טאָרן ניט זיין קיין גרענעץ־באַאַמטע אין פּוילן. (אין סאָוועטישן גרענעץ־פּונקט האָב איך, פאַרשטייט זיך, געטראָפן אַ סך אידישע באַאַמטע און מיט איינעם אַפילו געשמועסט אויף אידיש וועגן דער אידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע).

אין דער צייט הער איך ווי ס'קומט אָן אַ צוג, און די פּאַסאַזשירן, וואָס זיינען מיט מיר געקומען, לויפן מיט זייער באַגאַזש. איך ווענד זיך צו די באַאַמטע מיט אַ פראַגע, צי איך בין אַרעסטירט, וועל איך זיך ווענדן צום אַמעריקאַנישן קאָנסול וועגן מיין פאַרטיידיגונג. מיין פראַגע האָט זיי צוערשט געבראַכט אין אַ פאַרלעגנהייט. אָבער איינער האָט מיר געזאָגט, אַז איך וועל דאָ דאַרפן אַביסל צוואַרטן. זיי דאַרפן עפּעס קלאָר מאַכן. און איך וועל קענען אָפּפאָרן מיט'ן צווייטן צוג אין עטלעכע שעה אַרום.

איך האָב אָנגעהויבן פּראָטעסטירן, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. מען האָט מיך אַרויסגעפירט צוריק אין דעם אַלגעמיינעם צימער, אָבער אַרויס־גיין פון דאָרטן — האָב איך ניט געקאָנט. גאַנצע 3 שעה בין איך דאָרטן אומגעדולדיג אָפּגעזעסן ביז מען האָט מיר צוריקגעבראַכט די ביכער און געזאָגט, אַז אין 10 מינוט אַרום וועל איך קאָנען אָפּפאָרן מיט אַ צווייטן צוג.

דאָס איז געווען דער ערשטער קבלת־פּנים פאַר מיר אין פּוילן.

### דער פּרייז פאַר אַ זייגער

איך פאָר שוין נאָט צו דאַנקען פון סטאָלפּצי קיין ביאַליסטאָק. עס פאָרן מיט מיר אין וואַגאָן עטלעכע פּאָליאַקטן. זיי דערקענען, אַז איך בין אַן אויסלענדער. איך וואַרט אויף אַ אידישן פּאַסאַזשיר, איך זאָל קאָנען אויסריידן אַ וואָרט. פּלוצים שטעקט זיך אַריין אין טיר אַ קאָפּ פון אַ אידישן יונגנמאַן. אָבער ער פאַרשווינדט באַלד. לויף איך שוין אַרויס אים אויפזוכן. ערשט איך טרעף אָן אַ קופּע מיט עטלעכע אידן. איך בעט אַ דערלויבעניש זיך זעצן לעבן זיי. זיינען זיי זייער העפלעך און זאָגן: ביטע־שיין. איך פּרואוו פאַרקניפּן אַ שמועס, אָבער זיי מיידן אויס צו רעדן.

איך רייד, אָבער זיי הערן און שווייגן. איך טראַכט, אַז זיי האָבן מורא פאַר עפּעס. איך פּרואוו נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל — אָבער די זעלבע געשיכטע. ביז איין פּאַסאַזשיר האָט פאַרלאָזן די קופּע. און דעמאָלט האָבן זיי אַלע מיך אָנגעהויבן פאַרוואַרפן מיט פראַגן. באַזונדערס וועגן

סאָוועטן־פאַרבאַנד, ווען זיי האָבן אויסגעפונען, אַז כ'פאָר פון דאָרטן . . . איך וויל אָבער וויסן פאַרוואָס זיי האָבן פריער ניט געוואָלט רעדן צו מיר. זאָגט מען מיר, אַז עס איז אין דער קופּע דאָרטן פריער געזעסן אַ פּאָליאַק — האָבן זיי מורא געהאַט. און ווי נאָר ער האָט פאַרלאָזן די קופּע טאַקע דערפאַר, וואָס איך האָב גערעדט צו זיי אידיש, קאָנען זיי איצט רעדן.

שמועסנדיג האָב איך געוואָלט וויסן וויפיל עס איז דער זייגער. איך האָב געפירט מיט זיך אַ טשיקאַווען האַנט־זייגערל. עס איז אויף אים געווען אויסגעמאָלט לענין. די ווייזערס זיינען געווען אין דער פאָרם פון אַ סערפּ און האַמער. און פון לענינ'ס מויל האָט זיך אָנשטאָט דעם „סעקונדעניק" גערדרייט דער לאָזונג „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניגט זיך".

מען בעט מיך ווייזן דעם זייגער. אַלע זיינען באַגייסטערט פאַר אים. נאָר איינער גיט פּלוצים אַ זאָג צו מיר: „א י ר ו ו י י ס ט, ו ו י פ י ל א י ר ק ע נ ט ד אָ ק ר י ג ן פ אַ ר אַ ז אַ ז י י ג ע ר?" איך זאָג: „ו ו י פ י ל?" און דענק, אַז ער מיינט וויפיל דאָלאַרן אָדער זלאָטעס איך קען פאַר אים קריגן. ערשט ער ענטפערט מיר: „צ ע ן י אָ ר". איך כאַפּ זיך, וואָס ער מיינט, און צעלאַך זיך. דאָס איז געווען פאַר מיר די ערשטע לעקציע ווי צו האַלטן זיך אין פוילן.

**פּאָגראָם־שטימונג**

איך בין אַריינגעפאָרן אין גראָדנע עטלעכע חדשים נאָכ'ן באַוואוסטן פּאָגראָם, ווען עטלעכע אידן האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן. די אידישע באַפעלקערונג איז נאָך ניט געקומען צו זיך פון דער אויפטרייסלונג, נאָך געלעבט אין פּאָגראָם־שרעק. מען האָט מיר באַלד אָנגעזאָגט, אַז אין געוויסע גאַסן זאָל איך ניט גיין, ווייל איך קען נאָך קריגן מיט אַ מעסער אין זייט; איך זאָל שפּעט אין אָוונט ניט גיין איבער די גאַסן, ווייל יעדן טאָג פּאַסירן פאַלן, ווען אידן ווערן געשלאָגן און באַליידיגט.

און אָט שפּאַציר איך אין מיטן העלן טאָג אויף דער הויפּט־גאַס „סאָבאָרנע" (ביי די פּאָליאַקן האָט זי געהייסן דאָמיניקאַנסקאַ). איך זע, ווי אַ פּוילישער שיכור שרייט עפּעס לעבן אַ גרויסן שוי־פענצטער פון אַ אידישן געשעפט. איך קום צו נעענטער. עטלעכע אידן פּרואוון זיך ביי אים איינבעטן, אַז ער זאָל אַוועק פון דאָרטן, ער וועט נאָך צעברעכן די גרויסע שוי־פענצטער. ער זידלט אָבער די אידן מיט די ערגסטע ווערטער און צעשרייט זיך אַלץ שטאַרקער.

קיין פּוילישע פּאָליצייט זעט מען ניט אויף קיין רפואה. עס קומען צו פּאָליאַקן און העלפן אים אַרויס צו זידלען די אידן, און באַלד ווערט דער טומל נאָך גרעסער. איך זע, ווי די אידן אין געזעמל רוקן זיך שנעל אַרויס, מענטשן הויבן אָן לויפן און בליץ־שנעל קען מען שוין די גאַס ניט דערקענען. אידן שליסן צו אויף שנעל די געשעפטן, עס פאַרמאַכן זיך לאָדנס, מען לויפט דערשראָקענע, מען פייפט, ערגעץ קריגט שוין אַ איד אַ קלאַפּ. די שטימונג גיט זיך איבער אויך צו מיר. איך לעב ווידער איבער

די דורכגעמאכטע שרעקן אונטער די פּאַליאַקן פאַר מיין אָוועקפאָרן קיין אַמעריקע. און איידער וואָס ווען איז שוין די גאַס געוועזן אויסגעשטאָרבן. ערשט דעמאָלט האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן פּוילישע זשאַנדאַרן.

אַט דאָס האָט פאַר מיינע אויגן פּאַסירט אינמיטן העלן טאָג אויף דער הויפּט־גאַס פון גראָדנע אונטער פּוילישער הערשאַפט.



דער אויטאָר, זיין פרוי און 3 ברידער אויף „קאָלאָזשע"', גראָדנע.
אין דעם הינטערגרונד זעט מען דעם „קאלאנטשא"'-טורעם
פון די פייערלעשער.

## „ניע קופּוי או זשידאָוו !"

די גראָדנער ווייסן פון „קאָלאָזשע". דאָס איז אַ טייל פון שטאָט, וואָס געפינט זיך ביים ברעג פון דעם טייך ניעמאַן. איך האָב ליב געהאַט דאָרטן צו פאַרברענגען. און איצט האָב איך געוואָלט נאָכאַמאָל דאָרטן זיין. זאָגט מען מיר אָבער אין שטוב, אַז מען וועט מיך פריער מוזן באַזאָרגן מיט אַ וואַך . . . ווייל כאָטש דאָרטן איז אַ שפּאַציר־פּלאַץ, און כאָטש איך גיי בייטאָג, קען אָבער דאָרטן עפּעס מיט מיר פּאַסירן.

גייען מיר זאַלבעפינפט אויף קאָלאָזשע. מיר לאָזן זיך אַראָפּ פון שלאָס־באַרג. דער פּלאַץ איז נאָך איצט פון די שענסטע אין שטאָט. נאָר אַט שטויס איך זיך אָן אויף אַ ריזיגן אויפשריפט : „ניע קופּוי או זשידאָוו !" (קויף ניט ביי קיין אידן). און באַלד דערזע איך, אַז דער גאַנצער

וועג, אפילו אויף די טראָטואַרן, אַלע פּאַרקאַנעס, אַלע לײדיגע ווענט, אַלע הײזער פֿון דעם שײנעם שפּאַציר־וועג זײנען פֿול מיט רויטע ריזיגע אויפֿשריפֿטן „ניע קופּוי או זשידאָוו!"

איך פֿרעג, ווי לאַנג די אויפֿשריפֿטן זײנען שוין דאָרטן. זאָגט מען מיר — אַ פּאָר יאָר. איך וואונדער זיך, וואָס אין אַזאַ שטאָט מיט אַ באַפֿעלקערונג, וואָס איז אידיש אין איר גרעסטער מערהײט, זאָל מען דולדן אַזאַ זאַך. אָבער מײנע באַגלײטער וואונדערן זיך נאָר, וואָס איך וואונדער זיך אויף אַזעלכע זאַכן. איך פֿרעג אָבער ווידער, צי די אַזוי־גערופֿענע אידישע כּלל־טוער האָבן נעגן דעם פּראָטעסטירט, צי האָט מען כאָטש געפֿאָדערט צו באַזײטיגן די אויפֿשריפֿטן? דערצײלן זײ מיר, אַז דער גראָדנער שטאָט־ראַט (מאַגיסטראַט, וואו עס האָבן זיך געפֿונען אַ סך אידן) ענטפֿערט, אַז די אויפֿשריפֿטן זײנען מיט אַזאַ פֿאַרב, וואָס מען קאָן כּלומר'שט ניט אָפּוואַשן. אַ פֿײנער תּירוץ פֿאַר די בענטש־ליכט.

## אין גראָדנער טורמע

די טורמע אין גראָדנע איז אַ ירושה נאָך פֿון צאַרישן רעזשים. די געבײדע פֿאַרנעמט אַ סקווער בלאָק און איז אַרומגערינגלט מיט הויכע ווענט. די גראָדנער טורמע האָט אַ נאָמען. זי איז געווען באַרימט צוליב איר גרויס און צוליב דעם שווערן רעזשים אין איר, און בײ די פּאָליאַקן האָט זיך איר רום נאָך מער פֿאַרשפּרײט.

די גראָדנער געדענקען זי זײער גוט. עד־היום קלינגען זײ אין די אויערן די קלאַנגען פֿון די קײטן, וואָס האָבן זיך געהערט אַ גאַנצן טאָג (און באַזונדערס, ווען מען פֿלעגט פֿירן די אַרעסטאַנטן צו כאַפּן אַביסל לופֿט) אין די גאַסן אַרום דער טורמע, ווי „פּאָליציײסקע", לעבן פּוילישן קאָסטיאָל, א. אַז. וו. אָט־די קײטן־קלאַנגען האָבן זיך נאָך באַדײטנדיג פֿאַרשטאַרקט אונטער דער פּוילישער הערשאַפֿט.

די טורמע איז געווען איבערגעפּאַקט ניט נאָר מיט קאָמוניסטן, צי סאָציאַליסטן, נאָר מיט אַ סך אידן און ניט־אידן, וואָס האָבן זיך פֿאַרזינדיגט מיט אַ וואָרט נעגן די פּוילישע פּאָגראָמשטשיקעס און דעם פּאָגראָם־רעזשים אָדער אויף זײ איז געפֿאַלן דער מינדסטער פֿאַרדאַכט, צי דאָס זײנען פּויערים, וואָס האָבן פּראָטעסטירט נעגן די גרויסע אוממענגלעכע שטײערן, צי דאָס זײנען אַרבעטער, וואָס האָבן געוואַגט אַרויסצוגײן אין סטרײק פֿאַר דערטרעגלעכע לוינען און באַדינגונגען.

מען דערצײלט מיר, אַז עס איז כמעט ניטאָ קײן הויז, וואָס האָט שוין ניט געהאַט קײן אַרעסטירטע, וואו מען זאָל ניט מאַכן קײן אָפּטע אַבלאַוועס, קײן „פּרעווענטיווע" אַרעסטן. (איך וואָלט אַ סך געקענט דער־צײלן וועגן די פּײניגונגען פֿון מײן פֿאָטער און לאַנגע טורמע־טערמינען פֿון מײנע אײנענע ברידער און שוועסטער און שוואָגערס. אָבער איך וויל דאָ איבערגעבן אַלגעמײנע שטריכן).

די אַרעסטן האָט מען דער עיקר דורכגעפֿירט צווישן די פֿירער פֿון

די אַרבעטער־יוניאָנס אַלס מיטל זיי צו אָנשרעקן געגן אַרויסשטעלן פאָדע־
רונגען צו די באַלעבאַטים אָדער צו פאַרמיידן אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס
אין דעם טאָג פון ערשטן מאַי און ביי ענלעכע געלעגנהייטן. אין גראָדנע
האָט מען אויך יענעם יאָר צענדליגער אַרעסטירט ערב דעם ערשטן מאַי
און דאָס זעלבע האָט מען מיר דערציילט אויף מיין באַזוך אין ביאַליסטאָק.

אין גראָדנע און אין ביאַליסטאָק האָבן מיינע פריינט אויף מיינע
שפּאַצירן אין די גאַסן מיר כסדר געהאַלטן אין אָנווייזן, אַז אָט־דער איז
שוין געזעסן 6 יאָר, יענער 4 יאָר, און אַנדערע 3 יאָר. מען האָט מיר
אַפילו אָנגעוויזן אויף אַזעלכע, וואָס זיינען שוין אָפּגעזעסן צו 8 יאָר.
און אַ סך זיינען שוין געזעסן צו צוויי מאָל און מער טערמינען.

און ס'איז נענוג געווען איין קוק טאָן אויף זיי צו וויסן, וואָס זיי
האָבן דורכגעמאַכט אין די פּוילישע תפיסות, וואָס פאַראַ פּייניגונגען און
אינקוויזיציעס. און וועגן אַ סך מאַרטירער האָט מען מיר בלויז געקענט
אָנרופן זייערע נעמען.

פּוילן, האָב איך זיך אויף מיין רייזע איבערצייגט, איז ווירקלעך
געווען אַ טורמע פון פעלקער, אַ שעכטהויז פאַר אידן, ווי פאַר פּוילישע
אַרבעטער, פּויערים און האָרעפּאַשניקעס. לאָמיר עס ניט פאַרגעסן.

נער קוריער

# די נאַטור־קאַטאַסטראָפע אין גאַטעסבאַרג (דרום־אַמעריקע)

די טראַגעדיע פון ענדאַרג.

אין גאַטעסבאַרג אַ שטאָט פון אַ 50 טויזנט איינוואוינער אין דרום־אַמעריקע
לעבן, ווי באַקאַנט, פיל גראָדנער לאַנדס־
לייט.

עס איז דעריבער פאַרשטענדלעך די
פאַראינטערעסירונג, וועלכע ס'האָט ביי
אונז אַרויסגערופן די ידיעה וועגן אַ
גרויסער נאַטור־קאַטאַסטראָפע, וואָס איז
אויסגעבראָכן אין גאַטעסבאַרג היינטיגע
שבועות

דורך דער דרום־אַמעריקאַנישער טע־
לעגראַפן־אַגענטור איז אונז געלונגען
באַקומען פאָלגנדע נענויע מעכטי־
לאַגישן ביולעטין ...

קונציג אָפּגענאַרט דעם פּוילישן צענזאָר. אַ פאָטאָגראַפיע פון אַרטיקלען אין דער
צייטונג „גראָדנער קוריער", דורך וועלכע מען האָט אויף אַ פאַרשטעלטן אופן דער־
ציילט וועגן דעם אומגליק פון גראָדנע אונטער דער הערשאַפט פון די פּוילישע פּאַנעס.
איין אַרטיקל רעדט וועגן עפּעס אַן אויסגעטראַכטער שטאָט גאַטעסבאַרג (הראָדני) אין
דרום־אַמעריקע... מיינען מיינט מען גראָדנע. אין אַן אַנדער אַרטיקל רעדט זיך וועגן
דער טראַגעדיע פון עפּעס אַ שטאָט „ענדאַרג". ווען מען לייענט דאָס וואָרט „ענדאַרג"
אויף צוריק באַקומט זיך — גראָדנע...

## טויב־שטומע קינדער

איר ווייסט שוין זיכער וועגן דעם מערקווירדיגן בוך „סאָוועטן־לאַנד" פֿון דעם דין פֿון קענטעבורי, דר. היולעט דזשאנסאָן. און איינער פֿון די מערקווירדיגסטע קאַפּיטלען אין דעם בוך איז „דער באַגינען אין מזרח". דאָרט ווערט דערציילט וועגן די ספּעציעלע שוועריגקייטן, וואָס זיינען באַגעגנט געוואָרן ביי דער גרינדונג פֿון די קינדער־שולן אין די צפֿון־געגנטן פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד.

עס זיינען ניט געווען קיין געביידעס. עס זיינען ניט געווען קיין לערער, וואָס זאָלן רעדן די אָרטיגע שפּראַך. עס זיינען ניט געווען קיין לערן־ביכער אויף דער געבירטיגער שפּראַך. אין אַ סך געגנטן איז אַפילו ניט געווען קיין איינגעזעסענע באַפעלקערונג, ווייל אַ סך צפֿון־פֿעלקער פֿירן אַ וואַנדערנדיג לעבן. מען האָט געדאַרפט שאַפֿן נאָמאַדן־שולן פֿאַר אַ נאָמאַדן־פֿאָלק.

שטופּנוויז האָט מען אָבער אויפֿגעבויט שולן און מען האָט אויסגעבילדעט לערער. עס איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסע באַדערפֿעניש צו שאַפֿן „באָאַרדינג סקולס", שולן וואו די שילער זאָלן אויך קאָנען וואוינען. שוין אין 1934־1935 זיינען 80.8 פּראָצענט פֿון די קינדער אין דער נ ע נ ע ץ נאַציאָנאַלער טעריטאָריע געגאַנגען אין שול; אין דערכ א ט א נ ג א טעריטאָריע — 83.9 פּראָצענט; אין נ א ר י ם — 97 פּראָצענט.

די נייע לערער האָבן געמוזט דורכמאַכן לאַנגע און געפֿערלעכע רייזעס, און זיי האָבן טעגלעך זיך אָנגעשטויסן אויף אַ גאַנצן באַרג פּראָבלעמען אין פּראָצעס פֿון בויען זייערע שולן. עס זיינען אַנטשטאַנען פּראַקטישע שוועריגקייטן, ווייל די קינדער זיינען צונויפֿגעקליבן געוואָרן פֿון פֿאַרשיידענע שבטים — יעדער מיט זיינע אייגענע זיטן און איינגעוואָרצלטע פֿאָראורטיילן.

די קאָמי־קינדער אין לאַבאַזערסק, למשל, האָבן ליב געהאַט קאַשע פֿון גרייפּלעך; די סאַאַמי־קינדער האָבן דאָס פֿיינט געהאַט. אייניגע האָבן געקענט עסן חזיר־זופּ צו מיטאָג; אַנדערע האָבן דאָס ניט געקאָנט. איין מאָלצייט אין אַ היים־שול אין סט.־לאָרענס האָט זיך געענדיגט זייער שלעכט, ווייל די קינדער פֿון די טשוקטשעס רירן זיך אינגאַנצן ניט צו צו קיין זאַלץ.

שערן און באָדן די קינדער האָבן ווידער אַרויסגערופֿן אַ גאַנצן פּאַק פּראָבלעמען. מאָדערנע לערער ווילן נאַטירלעך האָבן ביי זיך אין שול קינדער מיט שיין־געשוירענע קעפּלעך און ריינע קערפּערס. די קינדער האָבן אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד געגן דער וואַנע און דעם שערל: „יעדער עסקימאָס האָט אַן אַנדער סטיל פֿון שערן זיך, ווייל זיי גלויבן, אַז אויב אַלע קינדער זאָלן זיך שערן די האָר אויף דעם זעלבן אופֿן, וועלן זיי קראַנק ווערן".

מען האָט געדאַרפט אָנווענדן אַ סך טאַקט אין באָד, ווייל „ביי די עסקימאָסן און ביי עטלעכע אַנדערע שבטים עקזיסטירט אַ ריטואַלער פֿאַרבאָט אויף וואַשן זיך. אָבער אין אַ חודש־צוויי אַרום ווערן די קינדער

צוגעוואוינט צו דעם נייעם שטייגער און זיי לערנען אפילו זייערע עלטערן אט די נייע איינפירונג".

די קינדער האבן מורא געהאט פאר בעטן, פון וועלכע זיי קאנען זיי נאך ארויספאלן: „עס האט אפט פאסירט, אז ארייענקומענדיג אין א צימער, וואו די קינדער זיינען געשלאפן, האט מען געקאנט געפינען די בעטן ליידיג, דאס בעטצייג צעווארפן און די קינדער שלאפנדיג אויף ד'רערד, איינגעדעקט מיט זייערע ווינטער־מאנטלען".

אבער די ספעציעלע שוועריגקייטן זיינען ניט געווען בלויז מיט די קליינע קינדער. זיי זיינען אויך געווען ניט ווייניג מיט די גרויסע קינדער.

אין קיעוו האט מען מיר, צום ביישפיל, דערציילט אן ענלעכע געשיכטע מיט בעטן וועגן דערוואקסענע. מען האט דארט אמאל איינגעארדנט א א גרויסן באזאר. דאס איז געווען נאך פאר דער קאלעקטיוויזאציע. דער צוועק פון באזאר איז געווען צו דערמוטיגן די ארומיגע פויערים ברענגען קיין קיעוו צום פארקויפן וואס מער לאנדווירטשאפטלעכע פראדוקטן.

פאר דער וואך צייט פון באזאר האט די שטאט־רעגירונג זיי איינגע־ארדנט אין איינעם פון די פיינסטע האטעלן. נאך דער ערשטער נאכט שלאפן אין האטעל, ווען די פויערים זיינען אין דער פרי אוועק צו זייערע אויסגעשטעלטע פראדוקטן אויפ'ן באזאר, האבן די האטעל באדינער געוואלט אויפראמען זייערע צימערן און פארבעטן זייערע בעטן. זיי האבן זיך אבער ארומגעזען, אז אלע פרישע ווייסע לײלעכער זיינען פארשוואונדן פון די בעטן.

וועט איר דאך אודאי מיינען, אז מען האט זיי גע'גנב'עט. האט איר ניט געטראפן. די פויערים זיינען פארנאכט ווידער געקומען אין האטעל זיך לייגן שלאפן. האט מען זיי געפרעגט, וואס האט פאסירט מיט די ליילע־כער. האבן זיי קורץ געענטפערט: מיר האבן פון זיי געמאכט „פארטיאנ־קעס". (די פויערים, ווי די רוסישע סאלדאטן און גענוג ארבעטער און אנדערע ארימע שיכטן פון דער באפעלקערונג, האבן זיך דעמאלט ניט געקענט פארגינען צו טראגן זאקן און פלעגן אנשטאט דעם ארומוויקלען די פיס מיט ווייסע שמאטקעס און שטיקלעך לייוונט. דאס האט מען גערופן „פארטיאנקעס".) ס'האט זיך ארויסגעוויזן, אז די פויערים זיינען נאך קיינמאל אין זייער לעבן ניט געשלאפן אויף ווייסע לײלעכער. זיי האבן דעריבער געמיינט, אז די ווייסע לײלעכער האט מען פאר זיי אנגעגרייט צו מאכן דערפון „פארטיאנקעס", וואס זיי האבן מיט פארגעניגן געטאן און געווען דאנקבאר דערפאר.

איך וואלט נאך געקאנט דערציילן אן א שיעור קוריאזן אין פארבינ־דונג מיט די שוועריגקייטן ביים אריבערפירן די מיליאנען ניט־גראמאטנע, צוריקגעשטאנענע מענטשן פון לאנד פון די רעלסן פון מיטלאלטער און פינצטערניש אויף די רעלסן פון מאדערנער אינדוסטריע, מעכאניזירטער לאנדווירטשאפט און סאציאליזם. דאס איז געווען פאלג מיך א גאנג.

און וועגן דעם קאָן מען זיכער זאָגן, ווי אין דעם „אינטערנאַציאָנאַל״, אַז די וואָס זיינען געווען נול, זיינען געוואָרן אַלץ.

אָט איז נאָך אַ טשיקאַווער פֿאַקט: פֿאַר אַ משך פֿון 500 יאָר האָט מען אין קאַזאַכסטאַן שרעקלעך געפּייניקט יעדערן פֿאַר זינגען (כאָטש זיי האָבן פֿונדעסטוועגן געזונגען און זיינען געוואָרן געפּייניקט), און 98 פּראָצענט פֿון דער באַפֿעלקערונג איז געווען ניט־גראַמאָטנע. איצט איז כמעט גאַנץ קאַזאַכסטאַן גראַמאָטנע אויף הונדערט פּראָצענט און דאָס פֿאָלק זינגט און טאַנצט פֿון דער נייער פֿרייהייט. און דאָס זעלבע האָט פּאַסירט מיט די 170 צי די 190 פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן און פֿעלקערשאַפֿטן אונטער דער סאָוועטישער אָרדענונג — זיי האָבן אַלע געקראָגן די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען פֿריי זייערע אייגענע קולטורן, ליטעראַטורן און קונסט און וויסנשאַפֿט.

אָבער די גרעסטע זאָרג און אויפֿמערקזאַמקייט ווערט געשענקט אין סאָוועטן־לאַנד די קינדער, די בלומען פֿון לעבן, דעם דור פֿון דער צוקונפֿט. ניט נאָר קריגן זיי אַן אַלגעמיינע דערציאונג און בילדונג, נאָר מען זוכט אויס און מען הויבט אָן אַנטוויקלען זייערע טאַלאַנטן פֿון סאַמע ווינעלע אָן.

אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד זיינען, צום ביישפּיל, געווען 12 ספּעציעלע סטודיעס פֿאַר מוזיקאַליש־טאַלאַנטפֿולע קינדער, וואו זיי פֿלעגן לערנען פֿריי און נאָך קריגן צונעצאָלט. איך האָב אַליין באַזוכט אין כאַרקאָוו אַזאַ סטודיע מיט 59 קינדער אין עלטער פֿון 6 ביז 15 יאָר. די סטודיע האָט געהאַט קלאַסן פֿאַר פֿידל, פּיאַנאָ, וויאָלין־טשעלאָ און אַ קאָמפּאָזיטאָר־קלאַס. מיט דער מוזיקאַלישער קינדער־דערציאונג האָבן אָנגעפֿירט די בעסטע פּראָפֿעסאָרן.

אין מיין נאָטיץ־בוך האָב איך נאָך געפֿונען פֿאַרצייכנט, אַז איך האָב דאָרטן געהערט די $6\frac{1}{2}$־יאָריגע מיידלעך, צייטלין און אָרשאַנסקי, שפּילן אויף דער פּיאַנאָ אַזעלכע קאָמפּליצירטע זאַכן, ווי בעטהאָווען׳ס און מאָצאַרט׳ס סאָנאַטן און גריג׳ס וואַלס.

פֿון אָט די סטודיעס זיינען אַרויסגעקומען די באַרימטע סאָוועטישע קינדער־גאונים, ווי בוסיא גאָלדשטיין, דוד אויסטראַיך, א. א., וועלכע האָבן געוואונען כמעט אַלע פּרייזן אויף די אינטערנאַציאָנאַלע מוזיק־קאָנקורסן אין וואַרשע און בריסעל. די באַלעט־שולן, קינדער־מוזייען, קינדער־פּאַלאַצן, פּאַרקס, טעאַטערס און קינדער־ליטעראַטור און קונסט — אין די אַלע אינסטיטוציעס זיינען באַשעפֿטיגט די גרעסטע און בעסטע קינסטלער, שרייבער, לערער און פּסיכאָלאָגן.

איך האָב אין פֿאַרלויף פֿון מיינע העכער דריי יאָר אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד באַזוכט אַ סך קינדער־שולן און קינדער־אַנשטאַלטן. אָבער דעם גרעסטן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט דער פּיאָנערן־לאַגער פֿון שטומע

קינדער אין פושטשעוואַדיצע, אַ דאַטשע־פּלאַץ לעבן קיעוו. שפּאַצירנדיק דאָרטן האָב איך זיך צופעליק אָן אים אָנגעשטויסן.

ס'איז געווען אַ וואַרימער פאַרנאַכט. כ'האָב דערהערט די קלאַנגען פון אַ פּיאָנערישן טרומייט און דערזען עטלעכע הונדערט קינדער אויסגעשטעלט אין אַ האַלבן קרייז אַרום אַ גרויסן פלאַג־פּאָל. זיי זיינען געווען אָנגעטאָן אין די פּיאָנערישע אוניפאָרמען, ענלעך אויף די אַמעריקאַנער סקאַוטס. זיי האָבן פּונקט אין יענעם מאָמענט דורכגעפירט די צערעמאָניע פון אָוונט־סאַלוט און אַרונטערגעלאָזן די פאָן. דער טרומייטער און די פייקלער האָבן אויסגעשפּילט געוויסע מאַרשן. בלויז איין דערוואַקסענער האָט נאָכגעפאָלגט אין דעם לאַגער אַלע זייערע האַנדלונגען.

פון אָנהויב האָב איך זיך ניט געכאַפּט, אַז זיי זיינען שטומע און טויב־שטומע. נאָר ס'איז שטיל געוואָרן און דער דערוואַקסענער האָט אָנגעהויבן רעדן צו זיי . . . מיט די הענט, מיט זשעסטיקולאַציעס. ער איז אויך געווען אַ שטומער. דערנאָך האָבן צוויי פון די קינדער ראַפּאָרטירט צו די אַנדערע, אַלץ אויף שטום־לשון . . . די קינדער האָבן אויפמערקזאַם און פּינקטלעך דורכגעפירט אַלע געהעריקע צערעמאָניעס.

דעמאָלט איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז די סאָוועטן־רעגירונג איז אַפילו בייגעקומען די „ספּעציעלע שוועריקייטן", ווי דער דין פון קענטערבורי האָט זיך אויסגעדריקט, פון דערציען טויבע און שטומע קינדער.

אין קיעוו האָב איך אין „פּראָלעטאַרסקי סאַד" אַמאָל אויך באַגעגנט אַן עקסקורסיע פון אַ מיטל־שול פון טויב־שטומע. צווישן זייערע לערער איז געווען איינער אַ הערנדיגער און רעדנדיגער, וועלכער האָט זיך אָבער ספּעציאַליזירט אין דער אַרבעט פון לערנען מיט טויב־שטומע. ער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז זיי באַנוצן די סאַמע מאָדערנסטע אונטעררריכטמעטאָדן, און אַז די שילער פון זיין מיטל־שול שטייען ניט אָפּ אין קיין שום הינזיכט אין זייער לערן־אַרבעט פון די געוויינלעכע, נאָרמאַלע מיטלשולניקעס.

אונטער אַ סאָוועטן־מאַכט האָבן אַפילו טויבע און שטומע געהערט און גערעדט די שפּראַך פון סאָציאַליזם, די אוניווערסאַלע שפּראַך פון העכסטער פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט.

און דעריבער איז פאַר מיר ניט קיין וואונדער, ווען איך לייען איצט באַריכטן וועגן די מסירת־נפש'דיגע, העלדישע טאַטן פון סאָוועטישע קינדער אין קאַמף מיט די נאַצישע באַרבאַרן און בעסטיעס.

# קרים און קאווקאז

קרים און קאווקאז זיינען די שבת־יום־טוב׳דיגסטע געגנטן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. מען רופט זיי סאָוועטישע פלאָרידעס אָדער קאַליפאָרניעס. כ׳בין נאָך ניט געווען אין פלאָרידע און קאַליפאָרניע. אָבער קרים און קאַווקאַז זיינען די שענסטע געגנטן, וואָס איך האָב ווען געזען, און ניט אומזיסט האָבן זיך די נאַצישע האָרדעס אַזוי שטאַרק אַהין געריסן.

קרים איז טאַקע ווי זיין נאָמען: די „קרים״, די סמעטענע פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. אַ לאַנד, ווי מ׳זאָגט, וואו ס׳רינט מילך און האָניג. פול מיט זון, בערג און טאָלן, סעדער, וויינגערטנער, פרוכט־ביימער, מיט סוב־טראָפּישע בלומען און פלאַנצן; פול מיט רעשטלעך פון אַלטע שטעט און פּאַלאַצן; אָנגעפּיקעוועט מיט נייע סאַנאַטאָריעס ביי זאַמדיגע רחבות׳־דיגע פּליאַזשן, וועלכע ווערן אַרומגעוואַשן און אָנגעטרונקען פון דעם בלויען, כאָטש אַזוי־גערופענעם שוואַרצן ים.

יעווּפּאַטאָריע איז איינע פון די עלטסטע און אינטערעסאַנטסטע שטעט אין קרים. ס׳איז געווען שווער צו שרייבן וועגן יעווּפּאַטאָריע בשעת זי האָט זיך געפונען אין די הענט פון די נאַציס. אָבער איצט, ווען יעווּפּאַ־טאָריע, ווי יאַלטע און אַנדערע פּערל פון קרים, איז צוריק פאַרנומען געוואָרן פון די העלדישע רויט־אַרמייער, איז אַנדערש.

ס׳זיינען זיכער געווען אַנדערע שטעט, אַפילו אין קאַלטן צפון, וואָס זייער פאַרלוסט איז געווען אַ סך אַ גרעסערער קלאַפּ פאַר׳ן סאָוועטן־פאַרבאַנד, ווי יעווּפּאַטאָריע, יאַלטע, צי אַנדערע שטעט אין קרים. פונ־דעסטוועגן האָבן די שטעט געהאַט אַ ספּעציעלע באַדייטונג, אַ באַזונדערן צויבער. זיי זיינען געווען קלימאַטישע סטאַנציעס, קוראָרטן. אַהין האָט מען געשיקט די מענטשן אויסהיילן אַלע זייערע וואונדן, זיך אָפּרוען, פאַרוויילן, ווערן געזונט און שיין. זיי זיינען געווען ווי סימבאָלן פון די פרוכט פון סאָציאַליסטישער בויאונג, פון דעם שבת און יום־טוב, וואָס קומט נאָך שווערער וואָכעדיגער פּראַצע, פון דעם שכר וואָס קומט פאַר מסירת־נפש׳דיגער אַרבעט, פון צוגעזאָגטע לענדער, פון אַ גן־עדן התחתון, פון דער צוקונפט אין דעם היינט. און דערפאַר דער באַזונדערער רייץ און חן.

כ׳בין געווען בלויז צוויי וואָכן אין יעווּפּאַטאָריע. אָבער דאָס זיינען צוויי פון די אינטערעסאַנטסטע וואָכן פון מיין לעבן.

יעווּפּאַטאָריע באַשטייט פאַקטיש פון צוויי שטעט: אַן אַלטע און אַ

נייע. די אַלטע איז אינגאַנצן געבויט אויף'ן אָריענטאַלישן שטייגער: נידעריגע, איין־שטאָקיגע הייזער, פלאַכע, האָריזאָנטאַלע דעכער, ווייניג פענצטער, ענגע, שמאָלע געסלעך. אַזוי קוקן אויס מסתמא די אַלטע שטאָט־טיילן אין ירושלים, קאַירא, באַגדאַד. אין דער אַלטער שטאָט וואוינט די אָרטיגע, אַלטגעזעסענע טאַטערישע באַפעלקערונג. די נייע באַשטייט פון די מאָדערנע סאַנאַטאָריעס און ווילעס, וואו עס קורירן און פאַרווייַלן זיך מענטשן פון גאַנצן סאָוועטן־פאַרבאַנד.

יעוופּאַטאָריע איז אין פיל הינזיכטן אַ בת־יחידה, אַן איין־אייגציגע. איינע פון די טרוקנסטע און זוניגסטע שטעט. האָט מען דאָרטן קאָנצענטרירט די סאַנאַטאָריעס פאַר ביינער־טובערקולאָזע, פאַר „אינפאַנטאַיל פּאַראַליז" קראַנקע. פון גאַנצן לאַנד, און אַמאָל אַפילו פון אויסלאַנד, שטראָמען אַהין קראַנקע פון דעם מין.

יעוופּאַטאָריע איז איין־איינציג אַפילו צווישן די אַנדערע סאָוועטישע קוראָרט־שטעט מיט איר זאַמד־פּליאַזש אָדער „ביטש". מען קומט אַהין זיך צו באָדן אין זון, ווי אין די וואַסערן פון שוואַרצן ים. איר קענט בוכשטעבלעך אַוועקשפּאַצירן מיט די פיס ווייט אין ים ביז צוויי מייל פון דעם ברעג און דאָס וואַסער וועט נאָך אַלץ ניט גרייכן אייער האַלז. דער פּליאַזש איז דערפאַר דער אידעאַלסטער פאַר קינדער זיך צו באָדן. דעריבער געפינען זיך דאָרטן אַ סך קינדער. זיי קומען אַהין אָדער ריכטיגער ווערן געשיקט אַהין פון דעם גאַנצן לאַנד. און דערפאַר רופט מען אויך יעוופּאַטאָריע: קינדער־קוראָרט, קינדער־שטאָט.

נאָך עפּעס: דער ביטש אין יעוופּאַטאָריע האָט זיך געפונען לענג־אויס דער הויפּט־גאַס מיט די ריזיגע סאַנאַטאָריעס. כדי די קראַנקע, וועמען עס איז שווער זיך צו באַוועגן, זאָלן קאָנען מער געניסן פון ברעג, פלעגן פון יעדן סאַנאַטאָריע־הויף זיך ציען שמאָלע רעלסן ביז צום ים. און איבער זיי זיינען די קראַנקע געפאָרן אין ספּעציעלע וועגעלעך.

אויף דעם ברייטן און לאַנגן פּליאַזש האָבן זיך אויך געפונען טשיקאַווע געבייען. זיי זיינען פּאַקטיש באַשטאַנען בלויז פון ברייטע דעכער איבער'ן בלענדנדיגן זאַמדענעם באָדן אָן ווענט. אונטער אָט די דעכער פלעגן זיך די מענטשן פון ביטש אַוועקלייגן, ווען זיי האָבן געוואָלט זיך באַשיצן פון דער ברענענדיגער זון און זיך אָפּקילן פון דער היץ.

אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ. אויף'ן פּליאַזש האָבן זיך אין אַ צאָל פּונקטן געפונען ספּעציעלע מעטעאָראָלאָגישע סטאַנציעס. זיי האָבן יעדע האַלבע שעה געוויזן דורך גרויסע ציפערן די ענדערונגען אין דער היץ פון דער זון און אין דער טעמפּעראַטור פון דעם וואַסער אין ים. יעדערער האָט געווייינלעך געהאַט גענויע אינסטרוקציעס פון זיין פּריוואַטן דאָקטאָר אָדער פון זיינע סאַנאַטאָריע־מעדיקער אונטער וואָס פאַר אַ היץ און ווי לאַנג ער מעג זיך ברענען אויף'ן זון, און אונטער וועלכע טעמפּעראַטור און ווי לאַנג ער קאָן זיך געפינען אין וואַסער. מען האָט זיך פאַרזיכערט, אַז

דער ביטש זאָל נים נאָר נים ברענגען קיין שאָדן, נאָר ברענגען דעם גרעסטן נוצן.

אַזעלכע נוצלעכע איינריכטונגען האָב איך נים געזען נים אין אייראָפּע, נים אין אַמעריקע. איך האָב געטראַכט, אַז אין דעם פּרט וואָלט זיך אויך אַמעריקע געקענט אָפּלערנען פון דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. אין קוני אײַלאַנד באָדן זיך אין זומער סוף־וואָכן אַנדערהאַלבן מיליאָן מענטשן פאַראַמאָל. און אַפילו דאָרטן זײַנען נאָך ניטאָ אַזעלכע איינריכטונגען ווי אין יעווּפּאַטאָריע אָפּצוהיטן וויסנשאַפטלעך דאָס געזונט פון דער באַפעלקערונג.

יעווּפּאַטאָריע האָט אויך אַ ספּעציעלן אינטערעס פאַר אידן. דאָרטן וואוינען אַרום ניין טויזנט קאַראַאימער. זיי שטאַמען פון אַ גרופּע, וועלכע האָט זיך מיט אַרום עלף הונדערט יאָר צוריק אויסגעטיילט פון אידן אין אַ באַזונדערער סעקטע. די קאַראַאימער גלויבן בלויז אין דעם חומש, די אַזוי־גערופענע תורה שבכתב. זיי אַנערקענען אָבער נים די גמרא, ווי אַנדערע הייליגע שפּעטערדיגע רעליגיעזע ספרים, די אַזוי־גערופענע תורה שבעל־פה. זיי ריידן און קוקן אויס ווי די אָרטיגע טאָטערישע באַפעלקערונג. אָבער אין זייער ריטואַל האָבן די קאַראַאימער גענוצט העברעאישע עלעמענטן. אונטער׳ן צאַרישן רעזשים האָט מען זיי אַנדערש באַהאַנדלט ווי די אידן. זיי האָבן געהאַט גלייכע רעכט. איצט זײַנען זיי פאַררעכנט אַלס אַ באַזונדערע אידישע נאַציאָנאַלע גרופּע — קאַראַאימער — ווי די טאַטן און באַרג־אידן אויף קאַווקאַז.

אין יעווּפּאַטאָריע האָט זיך געפונען די "כנסה" (קאַנאַסע), דאָס הייליגע הויז, אַ רעליגיעזער צענטער פון די קאַראַאימער. אויפ׳ן הויף פון דעם הייליגן אָרט האָבן זיך געפונען קברים פון אַ צאָל פון די אָנגעזעענסטע קאַראַאימער רעליגיעזע פירער און געלערנטע מיט העברעאישע אויפשריפטן אויף די מצבות. אין דער „כנסה" פלעגן די קאַראַאימער דאַווענען און דורכפירן זייערע רעליגיעזע צערעמאָניעס. די געביידע איז געווען עטלעכע הונדערט יאָר אַלט. זי האָט אַריבערגעלעבט אַ סך שריפות און מגפות, און איך וויל האָפן — אויך די נאַצים. די סאָוועט־רעגירונג האָט אָפּגעהיט די „כנסה" אַלס מוזיי פון גרויסער קולטור־היסטאָרישער באַדייטונג.

ס׳איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין יעווּפּאַטאָריער מיליציע־צירקל. איז מיר געווען מאָדנע דאָרטן צו הערן, ווי אויף דער פראַגע וועגן איר נאַציאָנאַליטעט, האָט אַ פרוי געענטפערט: „קאַראַאימקאַ".

די קאַראַאימער האָבן אונטער דער סאָוועטן־מאַכט געהאַט אַלע פריי־הייטן, געווען אַריינגעצויגן אין דעם אַלגעמיינעם לעבן, ווי אַלע אַנדערע איינוואוינער, פעלקער און נאַציאָנאַלע גרופּן. זיי האָבן געהאַט אייגענע אַרבעטער־קלובן און שולן און אַלע נויטיגע קולטור־אַנשטאַלטן. אַ סך קאַראַאימער האָבן פאַרנומען וויכטיגע פּאָסטנס אין דער פּאַרטיי און אין דעם רעגירונגס־אַפּאַראַט. איך האָב געקענט, צום ביישפּיל, די פרוי פון אידישן היסטאָריקער אשר מאַרגאָליס, אַ קאַראַאימקע, וועלכע האָט פאַר־

נומען א ווייכטיגן אמט אין דעם צענטראל־קאָמיטעט פון דער אלפארבאנדי־שער קאָמוניסטישער פּארטיי.

אין יעווּפּאטאָריע, ווי אין אַלע אנדערע שטעט אין קרים, זיינען געווען פּראכטפולע פּארקן, לימאנען, מוזעאומס, טעאטערס. איין גרויסער קוראָרט־פּארק האט זיך געפונען אויפ׳ן סאמע ים־ברעג. אַלע טאָג האָט דאָרטן געשפּילט מוזיק. מען האָט אפילו דורכגעפירט גרויסארטיגע ערשט־קלאסיגע סימפאָנישע קאָנצערטן. יעדע סאנאטאָריע האט א חוץ דעם אויך געהאט איר אייגענעם קולטור־סעקטאָר און דורכגעפירט אַלערליי פּראָגראמען.

מען דארף נאָך צוגעבן, אז אויפ׳ן יעווּפּאטאָריער מארק פלעג איך און מיין פרוי זיך יעדעס מאָל באגעגענען מיט אידישע פויערים. זיי זיינען געווען פון די דערבייאיגע אידישע קאָלאָניעס פונ׳ם פריידאָרפער אידישן ראיאָן. ווען נישט זייער אידיש מאמע־לשון, וואָלטן מיר פון זיי ניט געוואוסט. די אידישע פויערים האָבן אויסגעקוקט ווי אַלע אנדערע סאָוועטישע פאר־מער און קאָלכאָזניקעס. זיי פלעגן ברענגען אַלערליי גרינסן און עופות אויפ׳ן מארק צוזאמען מיט די נ י ט־אידישע פויערים פון דעם אידישן ראיאָן.

די אידישע פויערים אין יעווּפּאטאָריע האָבן פארקויפט באמת א י ד י ש ע טשיקנס. . . און אָט־די אידישע עופות, פארזיכער איך אייך, האָבן געהאט גאָר א באזונדערן, זעלטענעם טעם אין דער זוניגער יעווּפּאטאָריע.




דער „פּראַוודאַ״־עראָפּלאַן פון דער מאַקסים גאָרקי עסקאַדריליע

# אמעריקע אַנטדעקט דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד

ווייסט איר וואָס עס איז דער אמת'ער „געהיימער וואָפן" פון סאָוועטן־פאַרבאַנד ?

ווייסט איר, אַז אמעריקע איז אָפּגעטיילט פון דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד בלויז דורך דריי מייל וואַסער ?

ווייסט איר, אַז דער סאָוועטן־פאַרבאַנד איז „דער נאַטירלעכער פריינט פון די אמעריקעס אין די יאָרן פון דער נאָענטער צוקונפט" (הענרי א. וואַלאַס) ?

ווייסט איר, ווי נאָענט פיזיש און גייסטיג דער סאָוועטן־פאַרבאַנד איז צו אמעריקע ?

ווייסט איר, אַז אַלס אמעריקאַנער זייט איר זיכער מיט דער האַרציג־סטער אויפנאַמע אַפילו אין די ווייטסטע געגנטן פון דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד (אַלבערט ראַיס וויליאַמס) ?

ווייסט איר אַלע פאַקטן וועגן לענד־ליס צום סאָוועטן־פאַרבאַנד און ראָשיען וואָר רעליף ?

## לענין און דער אַשמדאי

ווייסט איר אַלע פאַקטן וועגן רעליגיע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד ?

ווייסט איר, אַז דאָס וואָס מען לערנט אין די סאָוועטישע קינדער־שולן וועט האָבן אַ גרויסע ווירקונג אויף דער נאָך־מלחמה'דיגער אמעריקע און דער גאַנצער וועלט ?

ווייסט איר וועגן לענינ'ען און דעם אשמדאי, וועגן די קאַווקאַזער בארג־אידן, וועגן דער אָפּשאַפונג פון אַנטיסעמיטיזם אָדער וועגן קינדער־שולן אין דער אידישער שפּראַך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד ?

ווייסט איר, אַז די קאַנאָנען האָבן ניט פאַרשטומט די מוזעס אין סאָוועטן־פאַרבאַנד ?

ווייסט איר, אַז דער קירצסטער וועג צווישן וואַשינגטאָן און טשונקינג איז איבער אַלאַסקאַ און סיביר ? אַז דער וועג צווישן שיקאַגאָ און שאַנכאַי איז מיט 4,300 מייל קירצער איבער אַלאַסקאַ און סיביר איידער איבער סאַן פראַנציסקאָ און האַוואַי ?

ווייסט איר, אַז עס זיינען פאַראַן אַ סך ענלעכקייטן צווישן לענין און לינקאָלן ?

ווייסט איר, אַז די סאָוועטישע מיטל־איסט שפּילט איצט די ראָלע פון אונזער אַמעריקאַנער מיטל־וועסט?

אָן ענטפער אויף די אַלע פראַגן קרינט מען — און נאָך אַ מיליאָן אַנדערע וויכטיגע ענטפערס — דערוויסט מען זיך פון דעם ענציקלאָפּעדיש־רייכן ספּעציעלן נומער וועגן סאָוועטן־פאַרבאַנד פון דעם זשורנאַל „סוירוועי גראַפיק" (פעברואר 1944).

„אַלס רעזולטאַט פון די ענגערע קאָנטאַקטן אין דער מלחמה, אַנטדעקן מיר, אַז ניט געקוקט אויף די אויסערלעכע אונטערשיידן זיינען די רוסן אין אַ סך הינזיכטן ענלעך צו אונז אַליין. אין געשיכטע, געאָגראַפיע, אינדוסטריע — און אין דער כאַראַקטעריסטיק פון אירע מענטשן — זיינען פאַראַן מערקווירדיגע פּאַראַלעלן און ענלעכקייטן צווישן אַמעריקע און רוסלאַנד.

„צי דען זיינען אונז ניט באַקאַנט אַזעלכע סאָוועטישע שטריכן און גלויבנס? זיכערקייט אין זיין לאַנד, זיינע אויפטוען, זיין צוקונפט. דער געפיל, אַז אַט איז אַ לאַנד פון מעגלעכקייטן. אַ שטאָלץ פאָלק, ענערגיש, מוטיג, גרייט צו ברענגען קרבנות פאַר זייערע קינדער. זיינען דאָס ניט אויך די הויפּט־שטריכן פון אַמעריקאַנער?"

אַזוי שרייבט אין דעם „סוירוועי גראַפיק" אין זיין אַרטיקל „באַקענט זיך מיט'ן רוסישן פאָלק" דער באַרימטער שרייבער אַלבערט ראָיס וויליאַמס, וואָס האָט לאַנג פאַרבראַכט אין דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד.

זינט די „צען טעג, וואָס האָבן אויפגעשטורעמט די וועלט", ווי עס האָט געהייסן דאָס ערשטע בוך וועגן סאָוועטן־פאַרבאַנד פון אַמעריקאַנער באַרימטן שריפטשטעלער און קאָמוניסט דזשאָן ריד, זיינען דערשינען אַ סך ביכער וועגן סאָוועטן־פאַרבאַנד און אַמעריקע, אי פאַר, אי קעגן. אָבער פאַר דער מלחמה האָבן מיר דורכגעלעבט אין אַמעריקע די „עידזש אָוו מאַגניפיסענט דיסטאָרשאָן", „אַ פּעריאָד פון שיינע ליגנס וועגן סאָוועטן־פאַרבאַנד", ווי דאָס רופט אָן אין זיין אַרטיקל אין דעם זשורנאַל דער שריפטשטעלער לואיס גענעט. די מלחמה האָט אויפגעדעקט און צעשמעטערט אָט־די „שיינע" ליגנס. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ גוואַלדיגע רעוויזיע, אַ טיפער דראַנג ביי אַלע פּאַראַנטוואָרטלעכע שיכטן פון דער באַפעלקערונג צו דערוויסן זיך דעם אמת וועגן סאָוועטן־פאַרבאַנד, באַזונדערס נאָך די מאָסקווער און טעהעראַן קאָנפערענצן. אַמעריקע האָט אָנגעהויבן אַנטדעקן דעם אמת'ן סאָוועטן־פאַרבאַנד, ניט קיין געפעלשטן דורך די ביכער פון דער צייט פון די „שיינע ליגנס". און אַלץ מער און מער געפינען אויס די אַמעריקאַנער, ווי וויכטיג עס איז די איינינקייט און פריינטשאַפט צווישן ביידע לענדער און ווי ענלעך פיזיש און גייסטיג עס זיינען אין דער אמת'ן ביידע לענדער און זייערע מענטשן.

עס דערשיינען איצט אין אַמעריקע אָן אַ שיעור ביכער וועגן סאָוועטן־פאַרבאַנד און עס דערשיינען ספּעציעלע נומערן געווידמעט דעם סאָוועטן־

פאַרבאַנד אין פאַרשיידענע זשורנאַלן. און אַ צייכן פון דער צייט איז דער ספּעציעלער נומער פון „סוירוועי גראַפיק", איינער פון די קאָנסערוואַטיוו־סטע און גרינטלעכסטע זשורנאַלן מיט פּאָול קעלאָג אַלס רעדאַקטאָר.

פון די 25 אַנטיילנעמער אין דעם נומער זיינען 24 אַליין געווען אַ לאַנגע צייט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, אַ צאָל פון זיי לאַנגע יאָרן, ווי דער באַרימטער „טאַימס" קאָרעספּאָנדענט וואַלטער דוראַנטי, אַלבערט ראַיס וויליאַמס, לואיס פישער, מאָריס הינדוס, עדגאַר סנאָו, ראָבערט מאַגידאָוו, מערי וואַן קליק, א. אַז. וו. דער איינציגער אויסנאַם איז דער אַריינפיר־אַרטיקל „צוויי פעלקער — איין פריינטשאַפט" פון ה ע נ ר י א. וו אַ ל אַ ס, דער וואַיס־פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטן.

## דורך אַמעריקאַנער אויגן

די גרויסע מעלה פון דעם נומער איז דער פאַקט, וואָס יעדער אַנטייל־נעמער האָט זיך געמיט צו שרייבן פון אַן אַמעריקאַנער שטאַנדפּונקט אָדער קוק־ווינקל, זען אַלץ „דורך אַמעריקאַנער אויגן — דורך אַמעריקאַנער מעשים", דורך „אַמעריקאַנער פענצטער אויף רוסלאַנד", ווי עס הייסט דער אַרטיקל פון דזש. סימאָנס. און פון דעם אַלעם האָט זיך באַקומען „אַן אַמעריקאַנער צוגאַנג צו דער אַלגעמיינער פאַרשטענדיגונג" צווישן ביידע לענדער.

דער נומער איז איינגעטיילט אין פיר טיילן. דער ערשטער טייל גיט דער עיקר אַן אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק פון דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, אַן אַלגעמיינע באַקאַנטשאַפט מיט׳ן גאַנצן לאַנד. דאָרטן געפינט זיך אויך אַן אַרטיקל מיט קורצע כאַראַקטעריסטיקעס פון דעם אינהאַלט פון אַלע ביכער וואָס זיינען דערשינען אין אַמעריקע וועגן סאָוועטן־פאַרבאַנד. דאָרטן געפינען זיך אויך די פולע אויסשעפנדיגע באַריכטן וועגן לענד־ליס פון דאָנאַלד מ. נעלסאָן און וועגן ראַשיען וואָר רעליף פון עדוואַרד ס. קאַרטער.

דער צווייטער טייל דערציילט וועגן דעם העלדישן מאַרש פון דער רויטער אַרמיי פון דער וואָלגע ביז די פינסקער בלאָטעס און ווי אַזוי די באַפרייטע געגנטן ווערן ווידער אויפגעבויט . . . ווי אַרום אוראַל בויט זיך די סאָוועטישע מיטל־איסט אויף׳ן שטייגער פון אונזער אַמעריקאַנער מיטל־וועסט . . . וועגן אונזערע אַלאַסקאַ גרעניצן מיט׳ן סאָוועטן־פאַר־באַנד . . . וועגן די נאָך־מלחמה לופט־וועגן איבער׳ן נאָרד־פּאָל.

דער דריטער טייל דעקט אויף די נייע האָריזאָנטן אין סאָוועטישן לעבן און קאַמף — אין דער קונסט, פאָלקלאָר, פעלקער און ראַסן־פריינט־שאַפט; צווישן דער יוגנט און די פרויען, אַרבעטער און געלערנטע; אין געזונט־ענינים פון דעם קערפער און אין די איידעלע מאַטעריעס פון גייסט.

## אין גייסט פון טעהעראַן

דער פערטער טייל פאַרנעמט זיך שוין דער עיקר מיט די פּאָליטישע

פראגן פון די אמעריקאנער־סאָוועטישע באציאונגען, מיט די קאָנפערענצן אין מאָסקווע און טעהעראַן, און מיט דעם אַטלאַנטיק טשאַרטער, פיר פריי־הייטן, און אזוי ווייטער, א. אז. וו.

מיט איין וואָרט — אַן אמת׳ער אוצר פון וויכטיגע מאַטעריאַלן, געשריבן פון די גרעסטע אמעריקאַנער עקספּערטן אויף די געהעריגע געביטן, וואָס האָבן אַלץ געזען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד דורך אמעריקאַנער אויגן און פענצטער.

מען וואָלט אפילו געקאָנט נאָך אַ סך שרייבן וועגן די זעלטענע מאַפּעס, אילוסטראַציעס און בילדער אין זשורנאַל.

ס׳איז אמת, אַז דאָ און דאָרטן געפינט איר נאָך פאַרוואַלגערטע פאַר־אורטיילן, באַזונדערס ביי אַ צאָל פון די שרייבער, וואָס זיינען אין געוויסע צייטן געווען שטאַרק געגנעריש צום סאָוועטן־פאַרבאַנד. אָבער מען מוז צוגעבן, אַז זיי זיינען אַלע געשריבן מיט וואַרעמקייט, פריינטשאַפט, ערטער־ווייז מיט רירנדיגער ליבשאַפט, און אין אמת׳ן טעהעראַן־גייסט, וואָלט איך געזאָגט.

אויב עמיצער ליידט פון ספקות, צי דאָס אמעריקאַנער פאָלק באַנעמט דעם פולן פאַרנעם און גרויס פון דעם נייעם וועג פאַר דער גאַנצער מענטש־הייט, וואָס טעהעראַן האָט געעפנט, ווי אוירל בראַודער האָט דאָס אזוי שאַרף פאָרמולירט, וועלן זיי ביי אים פאַרשווינדן נאָכ׳ן לייענען דעם ספּעציעלן נומער „סוירוועי גראַפיק”. ער וועט אויסרופן ווי גאַליליי „און די ערד באַוועגט זיך דאָך!” דער גאַנצער נומער איז אַ פאַרטייטשונג פון טעהעראַן.

ס׳איז באַקאַנט, אַז פּיאָטער דער גרויסער האָט באַצייכנט פּעטערבורג אַלס אַ פענצטער צו אייראָפּע. איך וואָלט דאָס גערן פאַראַפראַזירט און מיט רעכט אָנגערופן דעם ספּעציעלן נומער „אַן אמעריקאַנער פענצטער צום סאָוועטן־פאַרבאַנד”.

# הימן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד*

ס'האָט רוסלאַנד דאָס גרויסע רעפּובליקן פרייע
אויף אייביג פאַרקניפּט אין אומשטערבאַרן בונד,
זאָל לעבן דורך ווילן פון פעלקער געשאַפן
אינאיינעמדיג־מעכטיגער ראַטן־פאַרבאַנד!

רום צו דיר, פאָטערלאַנד, פרייע און לייבלעכע,
פריינטשאַפט פון פעלקער שפּאַרט אָן זיך אין דיר!
פלאַטער די פאָן פון דעם פאָלק, די סאָוועטישע,
פלאַטער, פון זיג צו אַ זיג, נאָר אונז פיר!
(רעפריין)

דורך שטורעם געשיינט האָט די זון אונז פון פרייהייט,
און לענין דער גרויסער דעם וועג אונז באַהעלט.
אויף טרייהייט דעם פאָלק האָט דערצויגן אונז סטאַלין,
צו מי און צו העלדישע מעשים באַזועלט.

געוואקסן איז אונזער אַרמיי אין געפעכטן,
געמיינע פאַרכאַפער פון וועג אָפּגעראַמט!
מיר טרעפן דעם גורל פון דורות אין שלאַכטן,
דאָס פאָטערלאַנד וועלן מיר פירן צו רום!

---

*) מיין איבערזעצונג, די ערשטע אין אַמעריקע, פון דעם נייעם סאָ־וועטישן הימן איז געווען געדרוקט אין דער „מאָרגן־פרייהייט” דעם 9טן יאַנ. 1944, און ווערט גענוצט פון אַלע אונזערע כאָרן איבערן לאַנד.—א. פּ.

# אינהאַלט:


אַ בריוו צו די לייענער

די אַלמעכטיגע שווערד — — — — — — — — — — — — 3

מאַטל פייסיס און טאָם סאָיער — — — — — — — — — — — — 23

אין טעג פון פראָסטן וואונדער — — — — — — — — — — — — 33

דער סוד פון דער סאָוועטישער גבורה — — — — — — — — — — 49

אַ רייזע אין דער צוקונפט — — — — — — — — — — — — 57

קרים און קאַווקאַז — — — — — — — — — — — — — 87

אַמעריקע אַנטדעקט דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד — — — — — — 91

הימן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד